יעקב לעווין

# יידישע געשיכטע

## פאַר קינדער.

(פון אַברהמען ביז עזראַן)

טייל 1



פאַרלאַג „יידישע שול"

הויפט-פאַרקויף ביי
HEBREW PUBLISHING CO.
77-79 Delancey St. New York

# אינהאַלט:

---

# פאָרערדע.

אין דעם דאָזיקן בוך ווערט געגעבן אַ יידישע געשיכטע פ אַ ר קינדער.

און אזוי ווי קינדער קאָנען ניט באַנעמען קיין פראַגמאַטישע געשיכטע מיט אַן אורזאַכלעכער דערקלערונג פון די געשעענישן און מיט אַ קריטישן אַנאַליז פון די אַלטע דערציילונגען, ווערט דאָ פאַר זיי געגעבן אַ געשיכטע אַ פ אַ ק ט ו ע ל ע, וואָס באַשטייט פון מעשות וועגן „געשעענישן און פּאַסירונגען" אינם לעבן פון פאָלק. און אפילו אָט די געשיכטע איז אין אַ גרויסער מאָס אַ לעגענדאַרע, באַזונדערס ווען עס האַנדלט זיך וועגן די אור־אַלטע עפּאָכעס פונם לעבן פון פאָלק.

דער אמת איז, אַז פאַר אונדזערע עלטערן און אורעלטערן האָט עקזיס־טירט בלויז אַזאַ לעגענדאַריש־פאַקטועלע יידישע געשיכטע, ווי זי ווערט איבערגעגעבן אינם תנך און אין די ווייטערדיקע אגדה־טיילן פון תלמוד און מדרש. דער איינציקער פּראַגמאַטיזם, וואָס האָט געגאָלטן פאַר זיי, איז געווען דער, וואָס ווערט אָנגעגעבן אין די ביכער פון תנך: אַז ווען די יידן זיינען געגאַנגען אין די וועגן פון יאַהאַווען, איז זיי געווען גוט. ווען אָבער דאָס פאָלק אָדער זיינע קעניגן האָבן זיך אָפּגעקערט פון יאַהאַווען, זיינען אויף זיי אָנגעקומען אַלערליי צרות.

מיר קאָנען אונדזערע קינדער אָט די דערקלערונג נאַטירלעך ניט געבן, און דערפאַר מוז פאַר זיי די געשיכטע געגעבן ווערן אָן אַן אורזאַכלעכער דערקלערונג.

פאַר קינדער איז פיל לייכטער צו באַנעמען און צו געדענקען געשעענישן, ווען זיי זיינען פאַרבונדן מיט אַ פּערזאָן. די פּערזאָן קאָנקרעטיזירט די געשעענישן און מאַכט זיי בילדלעכער. דערפאַר דרייט זיך דאָ אינם בוך די גאַנצע געשיכטע אַרום געוויסע פּערזאָנען, אַרום העלדן פון דער געשיכטע. מער נישט, וואָס צוזאַמען מיט די מעשׂות וועגן דעם לעבן פון די העלדן ווערט, אויף וויפיל מעגלעך, אויך געגעבן זייער סביבה, דער אופן פון לעבן פון פאָלק און אַ צאָל געשיכטלעכע פאַקטן.

דער ציל פון לערנען געשיכטע מיט קינדער איז הויפּטזעכלעך העלפן צובינדן זיי צום פאָלק. זיי דאַרפן דורך געשיכטע דערזען די גרויסקייט פונם פאָלק און די שיינקייט פון זיינע העלדן. דעריבער ווערן דאָ אין דער געשיכטע הויפּטזאַכלעך אַרויסגעבראַכט די פּאָזיטיווע העלדן. די נעגאַטיווע העלדן ווערן געבראַכט בלויז דאַן, ווען עס קומט פאַר אַ קאַמף אַרום זיי, און עס זיגט דאָס גוטע, דאָס געהויבענע, ניט דאָס שלעכטע, וואָס איז אפילו שטאַרק, ווי אין די פאַלן פון אחאבן און אליהון, אמציהן און עמוסן א. ד. ג.

די יידישע געשיכטע איז צו לאַנג, מ'זאָל זי קאָנען געבן אין גאַנצן פאַר די קינדער פון דער עלעמענטאַר־שול. מ'מוז דעריבער די געשיכטע קירצן. מ'מוז פון איר אויסקלייבן טיילן און געבן און דורכלאָזן אַנדערע טיילן. כ'האָב דעריבער זיך באַמיט צו געבן דאָס וויכטיקערע, דאָס שע־נערע און האָב דורכגעלאָזן אַ סך געשעענישן, וואָס וואַרפן בלויז אַ שאָטן אויף די העלדן פון דער געשיכטע. דערביי אָבער האָב איך זיך באַמיט, עס זאָלן ניט אַרויסגעלאָזן ווערן די העלדן און די געשעענישן, וואָס זיינען וויכטיק פאַר דער אומאיבערגעריסנקייט פון דער קייט פון פּאַסירונגען, וואָס בילדן די געשיכטע פונם פאָלק; איך האָב געשטרעבט, אַז די גאַנצע געשיכטע זאָל פאַר די קינדער דערשיינען, ווי אַ גאַנצע קייט, וואָס הייבט זיך אָן מיט אברהמען און ציט זיך ביז היינט.

עס איז, נאַטירלעך, וויכטיק צו געבן די קינדער די געשיכטע און לע־גענדעס אין וואָס אַ לייכטערער שפּראַך. אָבער ניט ווייניקער וויכטיק איז צו געבן זיי אין וואָס אַ קינסטלערישערער פאָרם. און אין הינזיכט פון קינסט־לערישקייט קאָן זיך דערוויילע קיין זאַך נישט פאַרגלייכן מיט דער שפּראַך און פאָרם פון דער ביבל. איך האָב דעריבער געזוכט צו געבן די אַלע מעשׂות פון דער ביבל אַזוי פיל וויפיל מעגלעך אין דער וואונדערבאַרער פּשוטער שפּראַך פון דער ביבל און דאָסזעלבע אויך מיט די לעגענדעס פון די מדרשים אין דער שפּראַך פון מדרש.

לויט דער יידישער לעגענדע איז אברהם דער ערשטער ייד. דערפאַר

הייב איך אָן די יידישע געשיכטע מיט אברהמען. אָבער די יידישע געשיכטע ציט זיך ביז היינטיקן טאָג. עס איז דערפאַר נייטיק צו באַקענען די קינדער אפילו אין דער עלעמענטאַרער שול מיט דעם גאַנצן לויף פון דער יידישער געשיכטע, ווען אפילו נאָר אין אַ זייער פאַרקירצטער פאָרם, כדי די קינדער זאָלן האָבן אַ באַגריף פונם יידישן פאָלק ניט נאָר ווי וועגן אַ פאָלק פון אַלטן אמאָל, נאָר אויך ווי וועגן אַ פאָלק פון די לאַנגע שפּעטערדיקע צייטן און פון דער גאָר נאָענטער פאַרגאַנגענהייט ביז דעם נעכטן און דעם היינט.

איך דערפיר אין דעם איצטיקן בוך די געשיכטע ביז דער צייט, ווען די יידן פאַרפעסטיקן זיך צוריק אין דעם לאַנד יהודה און ווערן אַ רעליגיעז פאָלק אין פאַרבינדונג מיט דער תורה, וואָס עזרא האָט זיי געבראַכט. און אין דעם צווייטן בוך, וואָס וועט, האָף איך, דערשיינען דאָס קומענדיקע יאָר, וועט זי, הגם אין גאָר אַ פאַרקירצטער פאָרם, דערפירט ווערן ביז היינטיקן טאָג.

כדי צו געבן די קינדער אַ מעגלעכקייט איבערצוחזרן דאָס, וואָס זיי האָבן געלערנט, האָב איך אין סוף פון יעדער עפּאָכע געגעבן פראַגעס. זאָל דער לערער שטעלן די קינדער די פראַגעס וואָס אָפטער, און זאָל ער זען, אַז די קינדער זאָלן געבן וואָס גענויערע ענטפערס. פון איין מאָל לייענען אַ מעשה וועט דאָס קינד עס ווי געהעריק ניט פאַרגעדענקען.

אין טעקסט זיינען אויך אַריינגעגעבן אַ היבש ביסל בילדער, דאָס רוב קינסטלערישע. כמעט וועגן יעדן וויכטיקן העלד איז פאַראַן אַ בילד. זאָל דער לערער וואָס מער אויסנוצן אָט די בילדער, כדי צו שאַפן ביי די קינדער אַ לעבעדיקע פאָרשטעלונג סיי וועגן די העלדן, סיי וועגן זייער סביבה.

אַ סך קינדער פאַרשטייען ניט גענוג יידיש אפילו אין דעם דריטן לערן־יאָר, און עס קומט אָפט אויס צו פאַרטייטשן זיי די ווערטער אין ענגליש. איך האָב דעריבער אין סוף פון יעדן קאַפּיטל געגעבן די ענגלישע פאַרטייטשונג פון די שווערערע ווערטער. די דאָזיקע פאַרטייטשונגען וועלן אגב העלפן אויך די עלטערן, וואָס וועלן לייענען דאָס בוך מיט די קינדער, און אפילו די לערער גופא, ווען זיי וועלן פאַר די קינדער דאַרפן פאַרטייטשן די ווערטער אין ענגליש.

איך האָב באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך, ווייל איך האָב זיך צוגעקוקט צו מיינע דריי ביכלעך „מעשות און לעגענדעס פון דער יידישער געשיכטע“ און געזען, אַז זיי זיינען פאַרעלטערט; אַז זיי זיינען צו שווער פאַר דעם „יידיש“־שוואַכערן דור היינטיקע יידישע קינדער, און אַז זיי גיבן די געשיכטע צו דערטאַלירט, די קינדער זאָלן אין דער עלעמענטאַרער שול אויף דעם אופן קאָנען דורכגיין די געשיכטע ביז היינטיקע צייטן.

איך האָב אויך געזען, אַז אויף דער יידישער שול־גאַס איז פּאַקטיש ניטאָ קיין א י י ן א י י נ צ י ק אַנדער לערנביכל פון דער יידישער געשיכטע, וואָס מ׳זאָל מעגן געוויסנהאַפט רעקאָמענדירן לערער צו באַנוצן אין די יידישע שולן.

איך לאָז דעריבער אַרויס אַט דאָס דאָזיקע בוך. אויף וויפיל עס וועט באַפרידיקן די גוואַלדיקע באַדערפעניש אין אַ לערנבוך פון יידישער געשיכטע אין אונדזערע שולן, וועט באַווייזן דער אָפּרוף פון די לערער. יעדע ערלעכע קריטיק, פון וועמען זי זאָל ניט קומען, וועט הארציק אָפּגעשאַצט ווערן פונם מחבר.

**יעקב לעווין.**

ניו־יאָרק, יוני, 1946.

# די אָבות.

## אַברהם צעברעכט די געטער.

דער ערשטער ייד איז געווען אַ מאַן מיטן נאָמען אַ ב ר ה ם (אַווראָהאָם).

אַ ב ר ה ם איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט אור, אין דעם לאַנד, וואָס הייסט איצט איראַק. זיין פּאָטער, טעראַך, האָט געמאַכט געטעלעך, אָדער סטאַטועס פון האָלץ און פון שטיין. אין יענער צייט פלעגן מענטשן דינען צו אַזעלכע געטעלעך. דאָס הייסט: זיי פלעגן זיך בוקן צו זיי, בעטן, זיי זאָלן העלפן, און ברענגען זיי אַלער־ליי מ ת נ ו ת (מאַטאָנעס).

ווען אַ ב ר ה ם איז עלטער געוואָרן, האָט ער אָנגע־הויבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז נאַריש צו בעטן צו געטע־לעך פון האָלץ אָדער שטיין.

איינמאָל איז ער, אַ ב ר ה ם, געבליבן אַליין אין דער היים. קומט אַ פרוי און ברענגט אַ געשאַנק פאַר זיין טאַטנס געטעלעך, אַ שיסל מיט מעל. נעמט אַ ב ר ה ם די שיסל און שטעלט זי אַוועק אין מיטן צימער. דערנאָך נעמט ער אַ גרויסן שטעקן און צעברעכט מיט אים אַלע געטעלעך. נאָר איינעם, דעם גרעסטן, האָט ער איבערגעלאָזן און האָט אים אין האַנט אַריינגעשטעקט דעם שטעקן.

קומט אַריין טעראַך און דערזעט — די געטעלעך ליגן צעבראָכן אויף דער ערד. פרעגט ער בייז אַ ב ר ה מ ע ן: „ווער האָט דאָס צעבראָכן אַלע מיינע געטעלעך"?

ענטפערט אַ ב ר ה ם: „איך וועל דיר, טאַטע, זאָגן, ווי דאָס איז געשען: אַ פרוי איז געקומען און געבראַכט אַ שיסל מיט מעל פאַר די געטער. נעם איך און שטעל אַוועק די שיסל מיט דעם מעל אין מיטן צימער און זאָג צו די געטער: גייט, נעמט און עסט. האָבן זיך די געטער אָנגעהויבן קריגן, ווער עס זאָל נעמען פריער. איז אָט דער גרויסער גאָט אַרײַן אין צאָרן, געכאַפּט אַ שטעקן און זיי אַלעמען צעבראָכן."

צעשרייַט זיך טעראַך נאָך שטאַרקער: „וואָס לייגסטו, וואָס? פון וועמען מאַכסטו שפּאַס? קאָנען זיי דען אַזעלכעס טאָן?"

— וואָס, ניין? — זאָגט אַ ב ר ה ם — זיי קאָנען גאָר־נישט טאָן? טאָ וואָס פאַר אַ געטער זײַנען זיי? וואָס דאַרפסטו זיי?

איז טעראַך געוואָרן זייער בייז אויף אַ ב ר ה מ ע ן און אים געוואָלט איבערגעבן אין די הענט פונם קעניג, ער זאָל אַ ב ר ה מ ע ן טייטן.

געטעלעך—idols. בוקן זיך—to kneel. אַלערליי—all kinds. מתנות—gifts, presents. אַרײַנגעשטעקט—put in. זיך קריגן—to quarrel. צאָרן—anger. שפּאַס—fun.

# אַברהם אין כנען.

איז אַ ב ר ה ם אַנטלאָפן פון דער שטאָט אור. ער האָט גענומען פאַר אַ ווייַב די טאָכטער פון זיין ברודער — ש ר ה האָט זי געהייסן — און ער איז געוואָרן אַ פּאַסטוך און געפיטערט שאָף — שעפּסן און ציגן. ווען די שאָף פלעגן אָפּעסן דאָס גראָז אין איין אָרט, פלעגט ער זיי אַריבערפירן אין אַן אַנדער אָרט.

אַזוי איז אַ ב ר ה ם געגאַנגען ווײַטער און ווײַטער פון זײַן געבורט־לאַנד, ביז ער איז געקומען אין דעם לאַנד כ נ ע ן (קנאַאַן). מיט אים צוזאַמען איז אויך געגאַנגען זײַן ווײַבס ברודער — לויט.

און אַ ב ר ה ם איז געוואָרן רײַך. ער האָט געהאַט גרויסע סטאַדעס מיט שאָף און געצעלטן פאַר זיך און פאַר זײַנע פּאַסטוכער. און לויט, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ ב ר ה מ ע ן, האָט אויך געהאַט שאָף און געצעלטן.

פּלעגן אַ ב ר ה מ ס פּאַסטיכער און לויטס פּאַסטיכער זיך אָפּט קריגן פאַר פּלעצער צו פּיטערן די שאָף און פאַר קוואַלן וואַסער.

האָט אַ ב ר ה ם גערופן לויטן און אים געזאָגט: „לאָמיר זיך ניט קריגן, ווײַל מיר זײַנען ברידער. דאָס לאַנד פאַר אונדז איז ברייט. לאָמיר זיך צעשיידן. ווילסטו — גיי רעכטס, וועל איך גיין לינקס; און וועסטו גיין לינקס, וועל איך גיין רעכטס".

האָט לויט אויסגעקליבן דעם פּלאַץ בײַ דער שטאָט סדום, בײַם טײַך י ר ד ן, וואָס איז געווען רײַך מיט וואַסער. און אַ ב ר ה ם האָט זיך באַזעצט בײַ דער שטאָט ח ב ר ו ן (כעווראָן).

זי האָט געהייסן—her name was. פּאַסטוך—shepherd.
פּיטערן—to tend, to feed. שאָף—sheep. געבורט־לאַנד—native land.
סטאַדעס—flocks. געצעלטן—tents. קוואַל—spring, well.
זיך צעשיידן—to part. רעכטס—to the right.
לינקס—to the left. זיך באַזעצט—settled.

# אַברהם נעמט אויף געסט.

א ב ר ה ם האָט זייער ליב געהאַט אויפנעמען געסט. ווער עס פלעגט דורכגיין פאַרביי זיין געצעלט, פלעגט אים א ב ר ה ם לאַדן צו זיך. ער האָט אים געגעבן עסן און טרינקען און געבעטן נעכטיקן. און אויף מאָרגן פלעגט נאָך א ב ר ה ם באַגלייטן זיין גאַסט.

איינמאָל איז א ב ר ה ם געזעסן ביי דער טיר פון זיין געצעלט. האָט ער דערזען, ווי דריי מענטשן שטייען נישט ווייט פון אים. איז ער געגאַנגען צו זיי, פאַרנייגט זיך און געזאָגט: „איך בעט אייך, מיינע האַרן, גייט ניט פאַרביי. קומט, שפּאַרט זיך דאָ צו אונטערן בוים, עסט עפּעס, און דערנאָך וועט איר גיין ווייטער".

זיינען די מענטשן געגאַנגען צו א ב ר ה מ ע ן.

און א ב ר ה ם האָט געהייסן ש ר ה ן, זי זאָל אָפּ־באַקן קיכלעך. און אַליין האָט ער געאיילט און געבראַכט פלייש און פּוטער און מילך און דערלאַנגט די געסט. און ער איז געשטאַנען אונטערן בוים און באַדינט די געסט, און זיי האָבן געגעסן.

נאָכן עסן האָט איינער פון די געסט געזאָגט צו א ב ר ה מ ע ן: „אין אַ יאָר אַרום וועט ביי דיין ווייב ש ר ה ן געבוירן ווערן אַ זון".

און א ב ר ה ם און ש ר ה זיינען ביידע געווען זייער אַלט, און ש ר ה האָט קיין קינדער ניט געהאַט.

אַז ש ר ה האָט געהערט, וואָס דער גאַסט האָט געזאָגט, האָט זי געלאַכט און געטראַכט: „נאָכדעם ווי איך בין אַזוי אַלט, וועל איך נאָך געבוירן אַ קינד?"

און די געסט זײַנען אַוועק, און אַברהם איז געגאַנגען מיט זײ צו באַגלײטן זײ.

באַגלײטן—to send off. לאַדן—to invite. נעכטיקן—to stay overnight. צושפּאַרן זיך—to lean. פאַרנײגט זיך—bowed. געאײַלט—hurried. באַדינט—served.

# די מענטשן פון סדום.

די מענטשן פון סדום, וואו לוט האָט געוואוינט, זײַנען געווען זײער רײַך. זײערע פעלדער זײַנען געווען פעט. האָבן זײ ניט געדאַרפט שווער אַרבעטן, און זײ האָבן געהאַט אַ סך ברויט, ווי אויך זילבער און גאָלד.

אָבער ווי רײַך זײ זײַנען געווען, אַזוי שלעכט זײַנען זײ געווען. זײ האָבן קײנמאָל קײנעם ניט אַרויסגעהאָלפן און ניט געגעבן אַ פרעמדן צו עסן. אַז אַ פרעמדער איז געקומען קײן סדום און געוואָלט דאָרט נעכטיקן, האָט אים קײנער צו זיך אין שטוב ניט אַרײַנגענומען. נאָר זײ האָבן געהאַט אײן בעטל פאַר געסט, אויף וועלכן דער גאַסט האָט זיך געדאַרפט לײגן שלאָפן. איז דער גאַסט געווען צו לאַנג פאַרן בעטל, האָט מען אים אונטערגעהאַקט די פיס. איז ער געווען צו קורץ, האָט מען אים אויסגעצויגן.

אײנמאָל האָט אַ מײדל אין סדום געגעבן אַן אָרימאַן, וואָס איז געקומען אין שטאָט, אַ שטיקל ברויט. האָבן דאָס די מענטשן פון סדום אויסגעפונען. האָבן זײ גענומען די מײדל, אויסגעשמירט זי מיט האָניק, געבונדן און אַוועקגעלײגט אויפן דאַך. זײַנען געקומען בינען און זי צעביסן אויף טויט.

אײנמאָל האָבן צוויי מײדלעך, גוטע פרײַנט, זיך באַגעגנט בײַ אַ ברונעם אין סדום.

פרעגט איינע די אַנדערע: „וואָס זעסטו עפּעס אויס אַזוי שלעכט?"

ענטפערט יענע: „מיר האָבן ניט קיין ברעקל ברויט אין שטוב".

זאָגט די ערשטע: „קום שפּעטער ווידער צום ברונעם, און איך וועל זען, וואָס איך קאָן טאָן".

שפּעטער זיינען ביידע מיידלעך ווידער געקומען צום ברונעם. די ערשטע האָט געבראַכט אַ קרוג מיט מעל און די אַנדערע אַ ליידיקן קרוג, און זיי האָבן זיך צעביטן מיט זייערע קרוגן.

אַז די סדום־לייט האָבן זיך דערפון דערוואוסט, האָבן זיי געכאַפּט די גוטע מיידל און זי פאַרברענט.

פאַר אַזעלכע שלעכטע און מיאוסע (מיעסע) טאַטן פון די איינוואוינער האָט די ערד שוין מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן די שטאָט סדום, און זי האָט געדאַרפט זיך איבערקערן און פאַרשווינדן.

אונטערגעהאַקט—chopped off. אויסגעצויגן—stretched. אויסגעפונען—found out. אויסגעשמירט—smeared. ברונעם—well. ליידיק—empty. צעביטן—changed. מיאוסע—ugly. טאַטן—deeds. פאַרטראָגן—to stand, to bear. איבערקערן—to overturn. פאַר־שווינדן—to disappear.

# סדום קערט זיך איבער.

צוויי פון די מענטשן, די געסט, וואָס זיינען אַוועק פון אַבְרָהָמען, זיינען אַוואַנט־צייט געקומען קיין סדום. אין טויער פון שטאָט איז געזעסן לוט. אַז ער האָט דער־זען די צוויי פרעמדע מענטשן, האָט ער זיך פאַרנייגט פאַר זיי און געזאָגט: „קומט אַריין צו מיר אין הויז און

נעכטיקט איבער, און מאָרגן וועט איר גיין אייער וועג."
זיינען די צוויי מענטשן אַריין צו לוטן אין הויז, און ער האָט זיי געגעבן צו עסן.
אָבער איידער זיי האָבן זיך געלייגט שלאָפן, זיינען די מענטשן פון סדום — יונג און אַלט — געקומען צו לוטס הויז און געפאָדערט פון לוטן, ער זאָל זיי אַרויסגעבן די פרעמדע מענטשן.
האָט לוט געבעטן זיך ביי די סדום־לייט: „ברידער, טוט ניט קיין שלעכטס די צוויי מענטשן, ווייל זיי זיינען פאַרגאַנגען צו מיר אין הויז".
האָבן די סדום־לייט בייז געזאָגט: „דו אַליין ביסט דאָ אַ פרעמדער, און דו ווילסט אונדז זאָגן, וואָס מיר זאָלן טאָן. איצט וועלן מיר דיר שלעכטס טאָן צוזאַמען מיט דיינע געסט".
איז לוט אַריין אין הויז און פאַרשפאַרט די טיר.
און די סדום־מענטשן האָבן געקלאַפּט אין טיר און אין די ווענט פון הויז, ביז זיי זיינען מיד געוואָרן.
אַז עס איז געוואָרן זייער שפּעט, האָבן די צוויי געסט געזאָגט צו לוטן: „נעם צונויף דיין גאַנצע פאַמיליע און פאַרלאָז די שטאָט, ווייל דאָס גאַנצע אָרט וועט זיך איבערקערן".
אַז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט לוט גענומען זיין ווייב און זיינע צוויי טעכטער, און זיי זיינען אַרויס פון סדום. און די צוויי מענטשן האָבן זיי אונטערגעזאָגט: „לויפט שנעל אַוועק, איר זאָלט זיך ניט אָפּשטעלן און ניט אַרומקוקן זיך אַהינטער".
און ווען לוט איז שוין געווען ווייט פון שטאָט, האָט אַ גאָט געטאָן אַ רעגן מיט שוועבל און מיט פייער. און די שטאָט סדום מיט דעם גאַנצן פּלאַץ אַרום האָט זיך איבערגעקערט און איז איינגעזונקען.

און לויטס ווײַב האָט אַ קוק געטאָן אַהינטער, איז זי געוואָרן ווי אַ שטיק זאַלץ. האָט לויט גענומען זײַנע צוויי טעכטער, איז אַוועק מיט זיי אין די בערג און זיך דאָרטן באַזעצט אין אַ הייל.

טויער—gate. פרעמדער—stranger. געפאָדערט—demanded.
זאָגן—to tell. פאַרשפאַרט—locked. טאָגן—to dawn.
אַהינטער—backward. אונטערגעאײַלט—hurried. שוועבל—sulphur.
אײַנגעזונקען—sank. הייל—cave.

# שרהס טויט.

אין אַ יאָר אַרום נאָכדעם, ווי די געסט זײַנען געווען בײַ אַברהמען, האָט שרה געבוירן אַ זון. און אַברהם האָט אים אַ נאָמען געגעבן יצחק (ייִצכאָק). אַברהם איז אַלט געווען הונדערט יאָר, ווען יצחק איז געבוירן געוואָרן, און שרה נײַנציק.

אַברהם האָט געוואוינט בײַ דער שטאָט חברון. ער איז געווען זייער אַ פײַנער מאַן און איז געווען אָנגענומען בײַ אַלע אײַנוואוינער אַרום. אַלע האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס רעספּעקט.

ווען שרה איז אַלט געוואָרן הונדערט מיט זיבן און צוואַנציק יאָר, איז זי געשטאָרבן. האָט אַברהם אָפּגעקויפט בײַ דעם פירשט פון חברון אַ הייל און דאָרטן באַערדיקט שרהן.

אָנגענומען—respected. באַצויגן—treated. פירשט—prince.

# יצחק און רבקה.

און יצחק איז געוואַקסן און איז געוואָרן אַ פּײַנער און אַן ערלעכער מאַן.

האָט אברהם גערופן צו זיך דעם עלטסטן איבער זײַן הויז, אליעזרן, און אים געזאָגט:

„איך וויל ניט, אַז מײַן זון יצחק זאָל זיך נעמען אַ ווײַב פון די טעכטער פון דעם לאַנד כנען. גײ אין מײַן געבורט־לאַנד און נעם דאָרט פון מײַן משפחה אַ פרוי פאַר מײַן זון".

האָט אליעזר גענומען צען קעמלען מיט אַ סך פון זײַן האַרס גוטסערײַ און איז אַוועק אין דעם לאַנד, וואו עס האָט געוואוינט אַבֿרהמס משפחה. ער איז אָנגעקומען אַהין אין אָוונט און האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ ברונעם. און ער האָט געטראַכט: „באַלד קומען אַהער די מײדלעך שעפּן וואַסער. אַז איך וועל בײַ אַ מײדל בעטן אַ טרונק, און זי וועט מיר ניט נאָר געבן אַ טרונק, נאָר זי וועט אויך פאַרלײגן אָנטרינקען מײַנע קעמלען, איז אַ סימן, אַז אָט די מײדל איז גוט גענוג צו זײַן אַ ווײַב פאַר יצחקן".

ווי ער טראַכט אַזוי, קומט אָן אַ מײדל מיט איר קרוג אויפן אַקסל. און די מײדל איז אַ שײנע. גײט צו איר צו אליעזר און זאָגט: „גיב מיר אַ טרונק וואַסער!" האָט די מײדל אָנגעשעפּט איר קרוג און געגעבן אליעזרן אַ טרונק. און ווען ער האָט געענדיקט טרינקען, זאָגט זי: „איך וועל אויך אָנשעפּן פאַר דײַנע קעמלען, און זאָלן זײ טרינקען". און זי האָט אַ פּאָר מאָל אָנגעשעפּט איר קרוג און אויסגעגאָסן אין טרינק־קאָרעטע פאַר די קעמלען.

שטייט אליעזר און וואונדערט זיך: אַזוי שנעל האָט עס אים באַגליקט? האָט ער אַרויסגענומען אַ גאָלדענעם נאָזבאַנד און צוויי גאָלדענע אָרעם־בענדער און געגעבן דער מיידל און זי געפרעגט: ווי הייסטו? וועמעס טאָכטער ביסטו? און איז ביי אייך פאַראַן פּלאַץ אויף איבערצונעכטיקן?



אליעזר און רבקה ביים ברונעם.

ענטפערט די מיידל: „מיין נאָמען איז רבקה. מיין פאָטערס נאָמען איז בסועל; ער שטאַמט פון דער

מ ש פּ ח ה, פון וועלכער עס קומט אויך מײַן גרויסער
פעטער אַ ב ר ה ם, און מיר האָבן גענוג פּלאַץ אויף איבער־
נעכטיקן".

האָט איר א ל י ע ז ר געזאָגט, אַז ער קומט טאַקע פון
איר פעטער אַ ב ר ה מ ע ן. איז ר ב ק ה געלאָפן אַהיים
און דאָרטן דערציילט, וואָס פאַר אַ גאַסט עס איז געקומען.
אַז ר ב ק ה ס ברודער ל ב ן האָט דערזען די גאָלדענע
צירונג אויף זײַן שוועסטערס הענט, איז ער געלאָפן צום
ברונעם און געבראַכט א ל י ע ז ר ן צו זיי אַהיים.

דאָרטן האָט זיי א ל י ע ז ר דערציילט, אַז ער איז גע־
קומען זוכן אַ ווײַב פאַר זײַן האַר י צ ח ק ן. און ער האָט
געבעטן, מ'זאָל אים געבן ר ב ק ה ן.

האָט ר ב ק ה ס טאַטע געזאָגט: „מ'דאַרף פרעגן די
מיידל, צי זי וויל גיין מיט דיר".

האָט מען געפרעגט ר ב ק ה ן. האָט זי געענטפערט,
אַז זי וויל גיין מיטן מאַן.

האָט א ל י ע ז ר דאָרטן איבערגענעכטיקט. און אויף
מאָרגן אין דער פרי האָט ער געגעבן שיינע מ ת נ ו ת
ר ב ק ה ס ברודער און איר מאַמען, גענומען ר ב ק ה ן
מיט זיך און איז אַוועק צוריק צו אַ ב ר ה מ ע ן.

ר ב ק ה איז שטאַרק געפעלן געוואָרן י צ ח ק ן, און
ער האָט זי געמאַכט פאַר זײַן ווײַב, און ער האָט זי ליב
געהאַט.

און אַ ב ר ה ם האָט געלעבט הונדערט מיט פינף און
זיבעציק יאָר און איז געשטאָרבן. האָט אים זײַן זון י צ ח ק
באַערדיקט אין דער זעלבער הייל, וואו מ'האָט אַמאָל
באַערדיקט זײַן מוטער ש ר ה ן.

משפחה—family. גוטסערײַ—wealth. שעפּן—fetch.
פּאָרלייגן—offer. אָנטרינקען—water. סימן—sign. קרוג—

.pitcher, jug    קאָרעטע—.trough    באַגליקן—.to be lucky
נאָזבאַנד—.nose ring    אָרעם־באַנד—.bracelet    צירונג—.jewelry
האַר—.master    באַערדיקט—.burried



יצחק ברענגט רבקהן צו אַברהמען.

# יעקב און עשו.

רבקה האָט געבוירן צווייִ זין — אַ צווילינג. דעם עלטערן האָט זי אַ נאָמען געגעבן עשו (אייִסאָוו) און דעם ייִנגערן — יעקב (יאַנקיף).

ווען די קינדער זײַנען אויסגעוואַקסן, איז עשו געוואָרן אַ יעגער, און יעקב אַ פּאַסטוך. יצחק האָט מער ליב געהאַט עשון און רבקה — יעקבן.

אייִנמאָל האָט יעקב אָפּגעקאָכט אַ טאָפּ מיט רויטע לינדזן, און עשו איז געקומען אַהייִם אַ מידער פון געיעג.

זאָגט עשו צו יעקבן: „גיב מיר פון דײַן רויטן געקעכץ".

זאָגט אים יעקב: „פאַרקויף מיר דײַן עלטערשאַפט, וועל איך דיר געבן פון מײַן געקעכץ".

זאָגט עשו: „צו וואָס דאַרף איך די עלטערשאַפט? מ׳זאָגט, אַז ווען מען איז דער עלטערער, טאָר מען ניט טרינקען קיין ווײַן. און איך האָב ליב אַ טרונק. נאַ, איך פאַרקויף דיר מײַן עלטערשאַפט".

האָט יעקב געגעבן עשון דאָס געקעכץ פון לינדזן, און עשו האָט אים פאַר דעם פאַרקויפט די עלטערשאַפט.

צווילינג—twins. יעגער—hunter. לינדזן—lentils. מיד—tired. געיעג—hunting. געקעכץ—pottage, soup. עלטערשאַפט—birthright.

## יצחק בענטשט יעקבן.

אַז יצחק איז אַלט געוואָרן, איז ער בלינד געוואָרן. אײַנמאָל רופט ער צו זיך עשון און זאָגט אים:

„גײ, פאַנג עפּעס ווילדס, מאַך מיר אַ געשמאַק געריכט און ברענג מיר, וועל איך עסן און דיך בענטשן פאַר מײַן טויט".

און רבקה האָט געהערט, וואָס יצחק האָט געבעטן עשון. האָט זי גערופן יעקבן און אים געזאָגט: „דײַן פאָטער האָט געבעטן דײַן ברודער עשון, ער זאָל אים ברענגען אַ געשמאַקע זאַך צו עסן, כּדי ער זאָל אים בענטשן. איצט גײ, ברענג מיר אַ ציגעלע; וועל איך צוגרײטן פאַר דײַן טאַטן אַ געריכט, ווי ער האָט ליב. און

דו וועסט עס ברענגען דעם טאַטן, וועט ער עסן און דיך בענטשן".

זאָגט יעקב: „אָבער עשו איז אַ האָריקער און איך בין אַ גלאַטער. אויב דער טאַטע וועט מיך אַ טאַפּ טאָן, וועט ער זען, אַז איך נאַר אים אָפּ; און ער וועט מיך שילטן, ניט בענטשן".

זאָגט רבקה: „איך וועל שוין דאָס באַזאָרגן. גיי און טו, ווי איך זאָג דיר".

האָט יעקב געבראַכט אַ ציגעלע, און רבקה האָט געמאַכט פאַר יצחקן אַ געשמאַק געריכט. דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן יעקבן עשוס קליידער, און אויף די הענט און אויף דעם האַלדז פון יעקבן האָט זי אָנגעטאָן פון דעם פעלכל פון ציגעלע, עס זאָל אויסזען האָריק. איז יעקב געגאַנגען און האָט געבראַכט יצחקן דאָס עסן און געזאָגט:

„זיי אַזוי גוט, פאָטער, שטיי אויף און עס, וואָס איך האָב דיר געבראַכט".

האָט יצחק געפרעגט: „ווער ביסטו?"

זאָגט יעקב: „איך בין דיין עלטערער זון עשו".

האָט יצחק אַ טאַפּ געטאָן יעקבן און געזאָגט: „דיין שטימע איז ווי יעקבס און די הענט ווי עשוס. דערלאַנג מיר, און איך וועל עסן".

האָט יעקב דערלאַנגט. און יצחק האָט געגעסן, און עס איז אים געפעלן געוואָרן. האָט ער געבענטשט יעקבן און געזאָגט:

זאָלסט האָבן פון טוי פון הימל
און פעטע ערד,
און פיל ברויט און בוימל
דו זאָלסט זיין אַ האַר איבער דיין ברודער.
דער וואָס וועט דיך שילטן,

זאָל זײַן פאַרשאָלטן,
און דער וואָס וועט דיך בענטשן,
זאָל זײַן געבענטשט.



יצחק בענטשט יעקבן.

ווען יעקב איז אַרויס פון יצחקן, איז אין אַ ווײַלע אַרום אָנגעקומען עשׂו, און ער האָט געזאָגט: „טאַטע, שטײ אויף, עס, וואָס איך האָב דיר געבראַכט".
פרעגט אים יצחק: „און ווער ביסטו?"

זאָגט  ע ש ו : „איך בין דײַן זון,  ע ש ו".
איז  י צ ח ק  פאַרציטערט געוואָרן.  ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מ'האָט אים אָפּגענאַרט.  אָבער ער האָט געזאָגט : „דאָ איז ערשט געווען דײַן ברודער און האָט צוגענומען דײַן  ב ר כ ה.  נאָר זאָל ער זײַן געבענטשט".
ווען  ע ש ו  האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך צעוויינט און געזאָגט : „דאָס איז שוין דאָס צווייטע מאָל, וואָס מײַן ברודער נאַרט מיך אויס.  אָבער בענטש מיך אויך, פאָטער !"
האָט  י צ ח ק  אים געזאָגט : „זאָלסט לעבן אויף דײַן שווערד. דו וועסט דינען דײַן ברודער.  נאָר אַז דיר וועט ווערן צו שווער, וועסטו אַראָפּוואַרפן זײַן יאָך".
האָט  ע ש ו  פײַנט באַקומען  י ע ק ב ן,  און ער האָט געזאָגט צו זײַנע פרײַנט : „זאָל נאָר מײַן פאָטער שטאַרבן, וועל איך טייטן  י ע ק ב ן".
האָט מען דערציילט  ר ב ק ה ן,  וואָס  ע ש ו  האָט געזאָגט. האָט זיך  ר ב ק ה  דערשראָקן.  איז זי אַוועק צו  י צ ח ק ן  און געזאָגט : „איך וויל ניט, אַז  י ע ק ב  זאָל זיך נעמען אַ פרוי פון די טעכטער פון דעם לאַנד. זאָל ער גיין צו מײַן ברודער  ל ב נ ע ן  און דאָרטן זיך געפינען אַ ווײַב".
אַזוי האָט  ר ב ק ה  געוואָלט ראַטעווען  י ע ק ב ן  פון  ע ש ו ס  צאָרן.
האָט  י צ ח ק  צוגעשטימט און געשיקט  י ע ק ב ן  אין דעם לאַנד, וואו עס וואוינט זײַן פעטער  ל ב ן,  ער זאָל דאָרטן נעמען זיך אַ פרוי פון  ל ב נ ס  טעכטער.

פאַנגען—to catch. ווילדס—game. געריכט—dish. בענטשן—to bless. געשמאַק—tasty. צוגרייטן—to prepare. האָריקער—hairy. גלאַטער—smooth. אַ טאַפּ טאָן—to touch, to feel. אָפּנאַרן—to fool. שילטן—to curse. באַזאָרגן—to take care of.

פעלכל—skin. דערלאַנגען—to serve. ס'איז אים געפעלן געוואָרן—he liked it. טוי—dew. בוימל—oil. פאַרציטערט ווערן—to shudder. יאָך—yoke. ראַטעווען—to save. צוגעשטימט—agreed.

# יעקב ביי לבנען.

איז י ע ק ב אַוועק צו זײַן פעטער ל ב נ ע ן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז ער אָנגעקומען אין יענעם לאַנד און איז געקומען צו אַ ברונעם. בײַם ברונעם זײַנען געלעגן סטאַדעס שעפסן. און אויפן ברונעם איז געלעגן אַ גרויסער שטיין.

פרעגט י ע ק ב בײַ די פאַסטיכער: „א פ ש ר קענט איר דאָ אײנעם אַ מאַן מיטן נאָמען ל ב ן?"

זאָגן זײ: „געוויס קענען מיר אים. און זײַן טאָכטער ר ח ל (ראָכל), וואָס פיטערט זײַנע שעפסן, וועט באַלד אַהער קומען".

ווי זײ רעדן אַזוי, ערשט ר ח ל קומט אָן. האָט י ע ק ב אַראָפגענומען דעם שטײן פונם ברונעם און אָנגעטרונקען ר ח ל ס שעפסן. דערנאָך האָט ער אַ קוש געטאָן ר ח ל ע ן און איר דערצײלט, אַז ער איז איר מומע ר ב ק ה ס אַ זון.

איז ר ח ל געלאָפן און עס דערצײלט איר טאַטן.

איז ל ב ן געקומען צום ברונעם, האָט זיך צעקושט מיט י ע ק ב ן און אים געזאָגט: „דו ביסט דאָך מײַנער אַן אײגענער, וועסטו פאַרבלײַבן בײַ מיר".

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט ל ב ן געזאָגט י ע ק ב ן: „דו אַרבעטסט בײַ מיר, וויל איך וויסן, וואָס איך זאָל דיר באַצאָלן".

און ל ב ן האָט געהאַט צוויי טעכטער: אײנע האָט

געהייסן ר ח ל און די צווייטע, די עלטערע — ל א ה.
ר ח ל איז געווען זייער אַ שיינע, און ל א ה האָט געהאַט
שוואַכע אויגן. האָט י ע ק ב ליב באַקומען ר ח ל ע ן.
זאָגט י ע ק ב צו ל ב נ ע ן: „איך וועל ביי דיר אַרבעטן
זיבן יאָר פאַר דיין טאָכטער ר ח ל ע ן".



יעקב ביי לבנען.

איז דאָס ל ב נ ע ן געפעלן געוואָרן.

אַז י ע ק ב האָט געענדיקט אַרבעטן פאַר ר ח ל ע ן
די זיבן יאָר, האָט ער געזאָגט ל ב נ ע ן: „גיב מיר מיין
ווייב".

האָט ל ב ן געזאָגט: „ביי אונדז פירט זיך ניט, אַז אַ יינגערע שוועסטער זאָל ח ת ו נ ה האָבן פאַר דער עלטערער. נאַ דיר איר שוועסטער ל א ה ן פאַר אַ ווייב. און אויב דו ווילסט אויך ר ח ל ע ן פאַר אַ ווייב, וועסטו פאַר איר דאַרפן אַרבעטן נאָך זיבן יאָר.

האָט י ע ק ב אַזוי געטאָן, און ער איז געבליבן אַרבעטן ביי ל ב נ ע ן נאָך זיבן יאָר.

און י ע ק ב ס ווייבער האָבן אים געבוירן קינדער. ל א ה — זעקס זין און אַ טאָכטער, און ר ח ל — איין זון, י ו ס פ ן. און צוויי אַנדערע ווייבער, וואָס י ע ק ב האָט גענומען, האָבן אים אויך געבוירן פיר זין.

אַן איינגענער—relative. חתונה האָבן—to marry.

# יעקב גייט אַוועק פון לבנען.

אַז ר ח ל האָט געבוירן י ו ס פ ן, האָט י ע ק ב געזאָגט ל ב נ ע ן: „גיב מיר מיינע ווייבער און קינדער, און איך וועל גיין צוריק צו מיינע עלטערן".

האָט אים ל ב ן געזאָגט: „זינט דו אַרבעטסט פאַר מיר, בין איך רייך געוואָרן. בלייב ביי מיר ווייטער אַרבעטן, און איך וועל דיר באַצאָלן, וואָס דו וועסט מיר זאָגן".

איז י ע ק ב פאַרבליבן אַרבעטן פאַר ל ב נ ע ן. און ל ב ן האָט אים אַ ס ך מאָל אָפּגענאַרט און געביטן זיין געצאָלט. אָבער ביסלעכווייז האָט אויך י ע ק ב אָנגעלעבט סטאַדעס מיט שעפּסן און מיט ציגן און איז געוואָרן רייך.

איינמאָל האָט י ע ק ב דערהערט, ווי ל ב נ ס זין

רעדן צווישן זיך, אַז אַלצדינג, וואָס י ע ק ב פֿאַרמאָגט, קומט פֿון זײַער טאַטן, און אַז מ'וואָלט עס געדאַרפֿט אָפּנעמען בײַ אים.

האָט י ע ק ב גערופֿן צו זיך אין פֿעלד ר ח ל ע ן און ל א ה ן און זײ דערצײלט, וואָס זײערע ברידער רעדן.

האָבן י ע ק ב ס ווײַבער געזאָגט: „אונדזער פֿאָטער האַלט אונדז איצט פֿאַר פֿרעמדע, ווײַל ער האָט אונדז פֿאַרקויפֿט. נעם אונדז און לאָמיר פֿון דאַנען אַוועק״.

אײנמאָל איז ל ב ן אַוועק שערן זײַנע שעפּסן. האָט י ע ק ב גענומען זײַנע ווײַבער און קינדער און זײַן גאַנץ פֿאַרמעגן, וואָס ער האָט געהאַט, און איז אַוועק פֿון ל ב נ ע ן צוריק צו דעם פּלאַץ, וואו עס האָבן געוואוינט זײַנע עלטערן.

פֿאַרמאָגט—possesses, owns. אָנגעלעבט—acquired. פֿון דאַנען—from here. פֿאַרמעגן—possessions, property.

# יעקב באַגעגנט עשו.

אויפֿן וועג האָט מען דערצײלט י ע ק ב ן, אַז זײַן ברודער ע ש ו קומט אָן אַנטקעגן אים, און אַז ער האָט מיט זיך פֿיר הונדערט מענטשן.

האָט זיך י ע ק ב דערשראָקן. האָט ער גענומען פֿון זײַנע שעפּסן און ציגן און קעמלען און אײזלען און אָקסן און קי און געשיקט אַ מ ת נ ה צו ע ש ו ן.

י ע ק ב האָט אויך צעטײלט זײַנע ווײַבער און קינדער און זײַנע מענטשן און די סטאַדעס שאָף אויף צוויי טײלן. ער האָט געטראַכט: אויב ע ש ו וועט קומען און צע־שלאָגן אײן טײל, וועט דער צווײטער טײל אַנטלויפֿן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט י ע ק ב באַגעגנט ע ש ו ן. ער איז צוגעקומען צו אים און זיך פאַר אים פאַרנייגט. איז ע ש ו אומגעריכט געפאַלן י ע ק ב ן אויפן האַלדז און זיך מיט אים צעקושט.

און ע ש ו האָט געפרעגט: „וועמעס זיינען די אַלע שאָף און רינדער, וואָס איך האָב באַגעגנט?"

האָט אים י ע ק ב געזאָגט: „דאָס האָב איך דיר געשיקט אַ מ ת נ ה".

האָט ע ש ו פאָרגעלייגט י ע ק ב ן: „לאָז מיך דיך באַגלייטן אָדער איבערלאָזן מיט דיר פון מיינע מענטשן, זיי זאָלן דיך היטן אויפן וועג".

האָט י ע ק ב געזאָגט: „צו וואָס דאַרף מען דאָס? איך האָב קליינע קינדער, און מיט די שאָף דאַרף מען אויך גיין פּאַמעלעך. וועט דאָס פאַר דיר זיין שווער. גיי זיך דיר פאָרויס, און איך וועל פּאַמעלעך נאָכגיין".

איז ע ש ו אַוועק. און י ע ק ב האָט געטריבן פּאַמעלעך זיינע שעפסן אויפן וועג צו זיין פאָטערס הויז.

אויפן וועג, ביים שטעטל בייסלעכעם, האָט ר ח ל געבוירן י ע ק ב ן נאָך אַ קינד, אַ יינגל. אָבער ווען זי האָט אים געבוירן, איז זי געשטאָרבן. האָט י ע ק ב ביים וועג אויסגעגראָבן אַ גרוב און דאָרטן באַערדיקט ר ח ל ע ן און אויף איר ק ב ר געשטעלט אַ שטיין. דאָס איז דער שטיין אויף ר ח ל ס ק ב ר ביז היינטיקן טאָג.

און י ע ק ב האָט אַ נאָמען געגעבן דעם קינד ב נ י מ י ן (בינימין).

נאָכדעם איז י ע ק ב מיט זיינע סטאַדעס שעפסן געגאַנגען ווייטער, ביז ער איז געקומען צו זיין פאָטער י צ ח ק ן אין ח ב ר ו ן.

**און יצחק האָט געלעבט הונדערט מיט אַכציק יאָר און איז געשטאָרבן. און זיינע זין האָבן אים באַערדיקט אין דער הייל ביי חברון.**

אומגעריכט—unexpectedly. רינדער —cattle. גרוב—grave.
פאָרלייגן—to suggest. פּאַמעלעך—slowly. געטריבן—drove.

## פראַגעס:

ווער איז געווען אברהם?
פאַרוואָס האָט ער צעבראָכן די געטער?
פאַרוואָס האָט זיך אברהם צעשיידט מיט לוטן?
פאַרוואָס איז סדום איבערגעקערט געוואָרן?
וואו האָט אברהם באַערדיקט שרהן?
פאַרוואָס האָט אברהם געשיקט אליעזרן אַזוי וויַיט צו נעמען אַ ווייב פאַר זיין זון?
פאַרוואָס איז לבן געלאָפן אַנטקעגן אליעזרן?
פאַרוואָס האָט עשו ניט געוואָלט האָבן זיין עלטערשאַפט?
ווי האָט יעקב אויסגענאַרט ביי עשון די ברכה?
פאַרוואָס האָט רבקה אַוועקגעשיקט יעקבן צו איר ברודער לבנען?
איז לבן געווען אַן ערלעכער מענטש? וואו איז דאָס קענטיק?
פאַרוואָס איז יעקב אַנטלאָפן פון לבנען?
צו וואָס האָט יעקב געשיקט עשון אַ מתנה?
וואו איז געשטאָרבן רחל?

# די ברידער פאַרקויפן יוספן.

י ע ק ב האָט געוואוינט ביי דער שטאָט ח ב ר ו ן, און זיינע גרויסע סטאַדעס שעפּסן האָבן זיך געפּיטערט איבערן גאַנצן לאַנד. די פּיטערער פון זיינע סטאַדעס זיינען געווען זיינע אייגענע זין.

פון אַלע זין האָט י ע ק ב באַזונדערס ליב געהאַט דעם ייִנגערן, י ו ס ף ן, און ער האָט אים געמאַכט אַ זיידן העמדל. האָט דאָס די ברידער פאַרדראָסן, און זיי האָבן פייַנט באַקומען י ו ס ף ן.

איינמאָל האָט זיך י ו ס ף ן ג ע ח ל ו מ ט, ווי ער מיט די ברידער שטייען אין פעלד און שניידן זאַנגען און בינדן גאַרבן. פּלוצלונג האָבן די גאַרבן פון די ברידער אַרומגערינגלט זיין גאַרב און זיך געבוקט פאַר אים. אַ צווייט מאָל האָט זיך אים ג ע ח ל ו מ ט, אַז די זון, די ל ב נ ה (לעוואָנע) און עלף שטערן האָבן זיך געבוקט פאַר אים. האָט ער דערציילט די ח ל ו מ ו ת (כאַלוימעס) זיינע ברידער.

האָבן די ברידער אים געזאָגט: „מיינסטו צו זיין אַ קעניג און הערשן איבער אונדז?" און זיי האָבן אים נאָך מער פייַנט באַקומען.

איינמאָל זיינען י ו ס פ ס ברידער אַ לאַנגע צייט ניט געווען אין דער היים. זאָגט אים י ע ק ב: „גיי, מיין זון, און זע, וואָס עס מאַכן דיינע ברידער און די שאָף".

איז י ו ס ף אַוועק. אויפן דריטן טאָג איז ער געקומען צו זיינע ברידער. ווען די ברידער האָבן אים דערזען פון דערווייטנס, האָבן זיי בייז געזאָגט: „אָט גייט דער ח ל ומ ו ת־זעער!"

און צוויי פון די ברידער האָבן געזאָגט: „לאָמיר אים

טייטן, ווען מיר זען, וואָס עס וועט ווערן פון זיינע חלומות".
אָבער דער עלטסטער ברודער האָט ניט דערלאָזן, מ'זאָל טייטן יוספן: „לאָמיר ניט פאַרגיסן קיין בלוט.



די ברידער פאַרקויפן יוספן.

— האָט ער געזאָגט. — מיר װעלן אים בעסער אַרײַנװאַרפן אין אַ גרוב, און גענוג". — ער האָט געטראַכט, אַז אין אָװנט װעט ער אַרױסנעמען י ו ס ף ן פון גרוב און אים ברענגען צוריק צום טאַטן.

האָבן די ברידער געפאָלגט. זײ האָבן אױסגעטאָן י ו ס ף ן דאָס זײַדענע העמדל און אים אַראָפּגעלאָזן אין אַ טיפער גרוב.

אין אַ װײַלע אַרום איז דער עלטסטער ברודער אַװעק. און דערװײַל איז פאַרבײַגעגאַנגען אַ קאַראַװאַן מיט אַראַבישע הענדלער. האָט אײנער פון די ברידער געזאָגט: „װאָס װעלן מיר שױן דערפון האָבן, אַז אונדזער ברודער װעט שטאַרבן? לאָמיר אים בעסער פאַרקױפן צו די אַראַבישע הענדלער".

האָבן די ברידער געפאָלגט. זײ האָבן אַרױסגענומען י ו ס ף ן פון גרוב און אים פאַרקױפט צו די הענדלער פאַר צװאַנציק טאָלער.

דערנאָך האָבן זײ געקוילעט אַ ציגעלע, אײַנגעטונקט י ו ס ף ס העמדל אינם בלוט און אַװעקגעטראָגן עס צו י ע ק ב ן און געזאָגט: „דאָס, פאָטער, האָבן מיר געפונען. דערקען, איז דאָס דײַן זונס העמדל?"

האָט י ע ק ב דערקענט דאָס העמדל און האָט אױסגעשריען: „יאָ, עס איז מײַן קינדס העמדל. אַ בײזע ח י ה (כאַיע) האָט אים אױפגעגעסן".

און ער האָט צעריסן אױף זיך די קלײדער און אַרױפגעװאָרפן אַ זאַק אױף זײַן לײַב. און ער האָט זיך געזעצט אױף דער ערד און ביטער געװײנט.

די זין האָבן אים פּרובירט טרייסטן. אָבער י ע ק ב האָט ניט געלאָזט טרייסטן זיך און געזאָגט: „צוליב י ו ס פ ן וועל איך אַ טרויעריקער אין ק ב ר אַריין".



די זין טרייסטן יעקבן.

באַזונדערס—especially. זייַד—silk. חלומען—to dream.
עס האָט זיי פאַרדראָסן—they were jealous. פאַרגיסן—to shed.
זאַנג—wheat stalk. גאַרב—sheaf. פון דער ווייַטנס—from afar.
אַרומגערינגלט—circled, surrounded. לבנה—moon. חיה—beast.
פאָלגן—to agree. דערווייַל—meanwhile. דערקען—recognize.
איַינגעטונקט—dipped. טרייסטן—to console. קבר—grave.

# יוסף אין מצרים.

די אַראַבישע הענדלער האָבן געבראַכט י ו ס פ ן קיין מ צ ר י ם און אים דאָרטן פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט צו אַ הויכן באַאַמטן פון פ ר ע ה ן, דעם קעניג פון

מ צ ר י ם. י ו ס ף איז באַלד געפֿעלן געוואָרן זײַן באַלעבאָס מיט זײַן ערלעכקײַט, און יענער האָט אָנגעטרויט י ו ס פֿ ן אַלע שליסלען פֿון זײַן הויז.

אײנמאָל אָבער איז י ו ס פֿ ס באַלעבאָסטע בײז געוואָרן אויף אים און אָנגערעדט אויף אים שלעכטס פֿאַר איר מאַן. האָט זײַן באַלעבאָס געהײסן, און מ'האָט י ו ס פֿ ן אַרײַנגעזעצט אין טורמע.

און אין טורמע זײַנען צוזאַמען מיט י ו ס פֿ ן געזעסן צװײ דינער פֿון פּ ר ע ה ן: זײַן בעקער און זײַן װײַנשענקער, װאָס האָבן זיך מיט עפּעס פֿאַרזינדיקט פֿאַר פּ ר ע ה ן. אײנמאָל האָט זיך בײדע דינער פֿונם קעניג געחלומט ח ל ו מ ו ת; האָבן זײ דערצײלט זײערע חלומות י ו ס פֿ ן.

האָט י ו ס ף זײ בײדן באַשײדט זײערע ח ל ו מ ו ת. און װי ער האָט זײ אויסגעטײַטשט, אַזוי האָט טאַקע שפּעטער פּאַסירט.

באַאַמטער—official. אָנגעטרויט—entrusted. טורמע—prison.
װײַנשענקער—butler. באַשײדט, אויסגעטײַטשט—interpreted.

## יוסף װערט הערשער פֿון מצרים.

אין אַ ביסל צײַט אַרום האָט זיך פּ ר ע ה ן אַלײן געחלומט אַ ח ל ו ם.

ער האָט געזען, װי ער שטײט בײַם טײַך; און פֿון טײַך קומען אַרויס זיבן גרויסע פֿעטע קי און פּיטערן זיך אויף דער לאָנקע. באַלד אָבער קומען אַרויס פֿון טײַך אַנדערע זיבן קי — קלײנע און מאָגערע. און די מאָגערע קי עסן אויף די פֿעטע.

און עס האָט זיך אים ווידער געחלומט, ווי ער זעט, אַז פון טייך וואַקסן אַרויס זיבן פולע זאַנגען. און באַלד נאָכדעם וואַקסן אַרויס זיבן אַנדערע זאַנגען דאַרע און ליידיקע. און די דאַרע זאַנגען שלינגען איין די פולע.

האָט פּרעה גערופן זיינע קלוגע לייט און געבעטן, זיי זאָלן אים אויסטייטשן זיין חלום; האָבן זיי ניט געקאָנט.

קומט צו צו פּרעהן זיין שענקער, ווען ער האָט באַפרייט פון טורמע, ווי יוסף האָט אים פאָרויסגעזאָגט, און זאָגט אים: „גרויסער קעניג! מיט מיר צוזאַמען איז אין טורמע געזעסן אַ ייִדישער יונגערמאַן. האָט ער מיר באַשיידט אַ חלום. און ווי ער האָט אויסגעטייטשט, אַזוי איז טאַקע געווען. רוף אים, און זאָל ער דיר אויך דיין חלום באַשיידן.

האָט פּרעה געהייסן, מ'זאָל ברענגען יוספן פון טורמע. האָט מען יוספן אָנגעטאָן פיינע קליידער און געבראַכט פאַר פּרעהן.

האָט פּרעה דערציילט יוספן זיינע חלומות און געפרעגט: „קאָנסטו מיר זיי באַשיידן?"

האָט יוסף אַ קלער געטאָן און געזאָגט: „דיינע חלומות, קעניג, זיינען זייער וויכטיקע און ווייזן, וואָס עס וועט זיין. די ביידע חלומות זיינען נאָר איין חלום. די זיבן פעטע קי און די זיבן פעטע זאַנגען זיינען זיבן גוטע, געראָטענע יאָר; און די זיבן מאָגערע קי און די זיבן מאָגערע זאַנגען זיינען אַנדערע זיבן יאָר שלעכטע, מאָגערע. און דאָס מיינט, אַז עס וועלן אָנקומען אין מצרים זיבן גוטע יאָר, פון גרויס געראָטעניש; אָבער נאָך זיי וועלן אָנקומען זיבן יאָר אַזעלכע שלעכטע, אַז עס וועט

גאָרנישט ניט וואַקסן און זיי וועלן אויפעסן די זיבן גוטע יאָר; און די מענטשן וועלן הונגערן".

„איך וואָלט דערפאַר, קעניג, דיר געראָטן, דו זאָלסט געפינען אַ קלוגן און פײאיקן מענטשן, וואָס זאָל אין די זיבן גוטע יאָר צונויפנעמען דאָס איבעריקע ברויט און באַהאַלטן עס אין שפּײַכלערס, עס זאָל שפּעטער, אין די זיבן שלעכטע יאָר, זײַן וואָס צו עסן אין לאַנד".

רופט זיך אָן פּרעה: „עס דוכט מיר, אַז קיין קליי־גערער און פײאיקערער מענטש פאַר דיר איז גאָר ניטאָ. און איך וועל טאַקע דיך מאַכן פאַר דעם אויפפּאַסער איבער דעם גאַנצן לאַנד מצרים".

האָט פּרעה אָפּגעגעבן יוספֿן זײַן רינג און באַפוילן, אַז אַלע זאָלן פאָלגן יוספֿן, ווי פּרעהן אַליין. איז יוסף געוואָרן דער הערשער אינם לאַנד מצרים.

און יוסף האָט זיך גענומען אַ פרוי, און זי האָט אים געבוירן צוויי זין.

לאָנקע—lawn. מאָגערע—lean. דאַרע—dry. ליידיקע—empty. פאָרויסגעזאָגט—predicted. געראָטענע—fertile. פײאיק—capable. גערעטעניש—plenty. געראַטן—advised. באַפוילן—commanded. שפּײַכלערס—storehouses. הערשער—ruler.

# יוספֿס ברידער אין מצרים.

אין גיכן זײַנען אָנגעקומען אין מצרים די זיבן גוטע יאָר. עס איז געוואַקסן אַזוי פיל ברויט, אַז מען האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן דערמיט. האָט יוסף צונויפגע־נומען דאָס איבעריקע ברויט פון דעם גאַנצן לאַנד און עס אַרײַנגעלייגט אין שפּײַכלערס.

און עס זײַנען אַוועק די זיבן גוטע יאָר, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די זיבן הונגעריקע יאָר. דער טײַך נילוס, וואָס גײט דורך אין מצרים, האָט זיך ניט צעגאָסן. זײַנען די פֿעלדער געוועזן טרוקן, און קײנזאַך איז אויף זײ ניט געוואָקסן. האָבן די מענטשן ניט געהאַט, וואָס צו עסן. דערמאָלט האָט יוסף געעפֿנט זײַנע שפּײַכלערס און פֿאַרקויפֿט ברויט צו אַלעמען.

און די טריקעניש איז אויך געווען אין די לענדער אַרום מצרים. און דער הונגער איז אויך דערגאַנגען צו יעקבן אין דעם לאַנד כנען. אָבער אַלע האָבן געוואוסט, אַז אין מצרים איז פֿאַראַן ברויט.

זאָגט אײנמאָל יעקב צו זײַנע קינדער: „נעמט געלט און גײט אין מצרים קויפֿן עסנוואַרג".

האָבן צען פֿון יעקבס זין גענומען זײערע אײזלען און געלט און אַוועק קײן מצרים. נאָר בנימינען, זײַן ייִנגסטן זון, יוסעפֿס ברודער, האָט יעקב ניט געשיקט מיט די איבעריקע קינדער.

די ברידער האָבן געזען, ווי דער טאַטע טרויערט די גאַנצע צײַט נאָך יוספֿן. האָט זײ זײער שטאַרק פֿאַרדראָסן, וואָס זײ האָבן אים פֿאַרקויפֿט. און איצט, ווען זײ זײַנען געגאַנגען קײן מצרים, האָבן זײ געטראַכט: „מיר האָבן פֿאַרקויפֿט יוספֿן קײן מצרים. אפֿשר וועלן מיר אים דאָרט געפֿינען, אויב מיר וועלן גוט זוכן".

ווען די ברידער זײַנען געקומען קײן מצרים, זײַנען זײ דערפֿאַר ניט אַרײַנגעקומען אַלע דורך אײן טויער. זײ האָבן געוואָלט אַרײַן דורך פֿאַרשײדענע טויערן און זוכן אויף פֿאַרשײדענע מערק, אפֿשר וועלן זײ ערגעץ וואו געפֿינען יוספֿן.

און יוסף האָט אָנגעזאָגט די, וואָס האָבן פֿאַרקויפֿט

דאָס ברויט, זיי זאָלן פאַרשרײַבן די נעמען פון אַלע די, וואָס קומען קויפן, און זיי זאָלן יעדן אָוונט ברענגען די אַלע נעמען צו אים. ער האָט אויך אָנגעזאָגט, מ׳זאָל די, וואָס קומען פון אַנדערע לענדער, ניט פאַרקויפן קיין ברויט דעם זעלבן טאָג, נאָר אָפּלייגן אויף מאָרגן.

ווען י ו ס ף האָט איין אָוונט באַקומען די נעמען פון די, וואָס זײַנען געקומען קויפן ברויט, האָט ער צווישן זיי געפונען די נעמען פון זײַנע צען ברידער. האָט ער גע־הייסן, מ׳זאָל זיי ברענגען צו אים.

ווען מ׳האָט זיי געבראַכט צו י ו ס פ ן, האָט ער זיי דערקענט און געפרעגט:

„ווער זײַט איר?"

זאָגן זיי: „מיר זײַנען פון דער שטאָט ח ב ר ו ן אין כ נ ע ן; און געקומען זײַנען מיר קויפן ברויט".

זאָגט י ו ס ף: „ניין, איר זײַט שפּיאָנען; איר זײַט געקומען אויסקוקן דאָס לאַנד. אָט זײַט איר אַרײַן אין שטאָט ניט צוזאַמען, נאָר יעדערער באַזונדער דורך אַן אַנדער טויער".

זאָגן זיי: „ניין; מיר זײַנען ערלעכע מענטשן, צוועלף זין פון איין טאַטן. איינעם האָבן מיר איבערגעלאָזט אין דער היים, און איינער איז פאַרלאָרן געוואָרן".

זאָגט י ו ס ף: „דערמיט וועל איך וויסן, אַז איר זײַט טאַקע ערלעכע מענטשן: אויב איר וועט גיין און צוריק־קומען מיט אײַער קלענערן ברודער, וואָס איר האָט גע־לאָזט אין דער היים. איצט נעמט אײַך עסן און גייט; נאָר איין ברודער וועט איר דאָ איבערלאָזן, ביז איר וועט ניט קומען צוריק מיט אײַער יינגערן ברודער".

זײַנען די ברידער אַוועק אַהיים צו זייער פאָטער י ע ק ב ן און האָבן אים דערציילט, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט. האָט י ע ק ב געזאָגט: „עס מעג געשען, וואָס

עס וויל, אָבער ב נ י מ י נ ע ן שיק איך ניט מיט אײַך. זאָל מיט אים טרעפֿן אַן אומגליק, וועל איך אַ טרויעריקער מוזן אין ק ב ר אַרײַן".

טריקעניש—drought. טרויערט—was sad. שפּיאָנען—spies. פֿאַרשײדענע—different. אומגליק—misfortune.

# די ברידער קומען מיט בנימינען.

אין אַ צײַט אַרום איז אויסגעגאַנגען דאָס ברויט, וואָס י ע ק ב ס זין האָבן געבראַכט פֿון מ צ ר י ם.

זאָגט י ה ו ד ה, דער שטאַרקסטער פֿון די ברידער, צו י ע ק ב ן: „טאַטע, גיב איבער ב נ י מ י נ ע ן אויף מײַנע הענט. איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל דיר אים ברענגען צוריק אַ גאַנצן".

האָט י ע ק ב צוגעשטימט און געזאָגט: „נעמט אַ געשאַנק פֿאַר דעם מאַן אין מ צ ר י ם און גייט אַהין, ברענגט שפּייז".

האָבן די ברידער אַזוי געטאָן. און זיי זײַנען געקומען צו י ו ס פֿ ן און געבראַכט אים די מ ת נ ה.

האָט י ו ס ף געגריסט די ברידער און געפֿרעגט: „וואָס מאַכט אײַער אַלטער פֿאָטער?"

זאָגן זיי: „ער לעבט אין פֿרידן".

גיט י ו ס ף אַ קוק און דערזעט ב נ י מ י נ ע ן. האָט ער זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן. איז ער אַרײַן אין אַ צווייט צימער און האָט זיך אויסגעוויינט.

דערווײַל האָט יוסף געהײסן, מ'זאָל צוגרײטן אַ מאָלצײַט, און ער האָט געלאַדן די ברידער צום טיש. יוסף האָט אויסגעזעצט די ברידער אַרום טיש לויט זײער עלטער. דערבײַ האָט ער באַנוצט אַ זילבערנעם בעכער. ער פלעגט אַ קלאַפּ טאָן מיטן בעכער איבערן טיש און זאָגן: דער איז דער עלטערער ברודער: זאָל ער זיך זעצן דאָ. דער איז דער צווײטער: זאָל ער זיך זעצן לעבן אים, א. א. וו.

די ברידער האָבן געקוקט און זיך געוואונדערט, פון וואַנען ער ווײס דאָס.

די ברידער האָבן געגעסן צוזאַמען מיט יוספן, און יוסף האָט זײ אַלעמען געגעבן מתנות.

דערווײַל האָט יוסף געהײסן דעם אויפּפּאַסער, וואָס איבער זײַן הויז, ער זאָל די זעק פון די ברידער אָנפילן מיט ברויט, און ער זאָל אין דעם זאַק פון בנימינען אַרײַנלײגן דעם זילבערנעם בעכער.

און ווען די ברידער האָבן זיך געזעגנט און זײַנען אַוועקגעפאָרן, האָט יוסף געהײסן דעם אויפּפּאַסער, ער זאָל זײ נאָכיאָגן און פרעגן בײַ זײ, פאַרוואָס זײ האָבן אים באַצאָלט מיט שלעכטס פאַר גוטס און האָבן צוגע־נומען זײַן צויבער־בעכער.

האָבן די ברידער פאַרוואונדערט געזאָגט: „מיר זײַנען ערלעכע מענטשן. זוך, און וועסטו בײַ וועמען פון אונדז געפינען דעם בעכער, זאָל יענער געטויט ווערן".

האָט דער אויפּפּאַסער געזוכט אין אַלע זעק און האָט געפונען דעם בעכער בײַ בנימינען אין זאַק.

האָבן די ברידער פאַר שאַנד און פאַרדראָס צעריסן אויף זיך די קליידער, און זיי האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין, צו יוספן אין פּאַלאַץ.



מ'געפינט דעם בעכער ביי בנימינען.

אויסגעגאַנגען—was used up. מאָלצייט—meal. בעכער—cup.
זיך איינהאַלטן—to restrain himself. אויפפאַסער—overseer.
נאָכיאָגן—to chase. צויבער—magic. פאַרדראָס—sorrow.
שאַנד—shame.

# יוסף לאָזט זיך דערקענען צו די ברידער.

דאָרטן איז יהודה צוגעקומען צו יוספן און געזאָגט:

„מיין האַר! דו האָסט ביי אונדז געפאָדערט, מיר זאָלן ברענגען מיט אונדז אונדזער יינגערן ברודער. דער פאָ־

טער האָט אים ניט געוואָלט לאָזן גײן מיט אונדז, ווײל ער האָט זיך געשראָקן, טאָמער טרעפט זיך מיט דעם יונג אַן אומגליק. האָב איך אים געגומען אויף מײן וואָרט. איך וועל דערפאַר בלײבן בײ דיר אַ קנעכט, און זאָל ער פאָרן מיט זײנע ברידער אַהײם".

האָט זיך שוין יוסף מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן. ער האָט זיך צעוויינט און אויסגערופן: „איך בין אײַער ברודער יוסף, וואָס איר האָט פאַרקויפט קײן מצרים!"



יוסף לאָזט זיך דערקענען צו די ברידער.

האָבן זיך די ברידער דערשראָקן און ניט געקאָנט אַרויסרעדן אַ וואָרט.

אָבער י ו ס ף האָט זיך צעקושט מיט די ברידער און געזאָגט: „איצט פאָרט אַהײם און ברענגט צו פירן אַהער דעם טאַטן אונדזערן און אײַערע װײַבער און קינדער. איך אַלע װעט דאָ װאױנען אין מ צ ר י ם.״

זײַנען די ברידער אַװעק צו זײער פאָטער און האָבן אים דערצײלט, אַז זײַן זון י ו ס ף לעבט, און אַז ער הערשט איבערן לאַנד מ צ ר י ם.

האָט זיך י ע ק ב דערפרײט און געזאָגט: „איך װעל גײן און װעל אים זען, אײדער איך שטאַרב״.

געשען—happened. אײדער—before.

# יעקב אין מצרים.

האָט י ע ק ב גענומען זײַן גאַנצע מ ש פ ח ה און זײַן גאַנץ האָב און גוטס און זײ זײַנען אַלע אַװעק קײן מ צ ר י ם צו י ו ס ף ן.

װען י ו ס ף האָט זיך דערװאוסט, אַז זײַן טאַטע קומט אָן, איז ער אים געפאָרן אַנטקעגן. ער איז געפאַלן דעם פאָטער אױפן האַלז, און זײ האָבן זיך צעקושט און געװײנט.

און י ו ס ף האָט דערצײלט פ ר ע ה ן, אַז זײַן פאָטער און זײַנע ברידער זײַנען געקומען. איז דאָס פ ר ע ה ן זײער געפעלן געװאָרן און ער האָט געזאָגט: „קלײַב אױס דעם בעסטן שטיק לאַנד אין מ צ ר י ם און זאָלן זײ דאָרט װאױנען״.

האָט י ו ס ף אָפּגעגעבן זײַנע ברידער דאָס לאַנד ג ו ש ן (גױשען), און זײ האָבן זיך דאָרטן באַזעצט.

און י ו ס ף האָט געבראַכט און פאָרגעשטעלט זײַן פאָטער פאַר פ ר ע ה ן. האָט י ע ק ב געבענטשט פ ר ע ה ן.

קלײַב אױס—choose. פאָרגעשטעלט—introduced.

## יעקבס טויט.

אין אַ צײַט אַרום איז י ע ק ב קראַנק געוואָרן. איז י ו ס ף מיט זײַנע צוויי זין געקומען געוואָר ווערן זײַן פאָטער. האָט י ע ק ב זיך אַוועקגעזעצט און געבענטשט זײַנע צוויי אייניקלעך.

פאַרן טויט האָט י ע ק ב גערופן צו זיך אַלע זײַנע זין, געזעגנט זיך מיט זיי און געבענטשט זיי. און ער האָט זיי געבעטן, זיי זאָלן אים ניט באַערדיקן אין מ צ ר י ם, נאָר זיי זאָלן אים אָפּפירן אין לאַנד כ נ ע ן און דאָרטן באַערדיקן.

ווען י ע ק ב איז אַלט געוואָרן הונדערט מיט זיבן און פערציק יאָר, איז ער געשטאָרבן. האָבן די זין זײַנע, מיט י ו ס פ ן אין דער שפּיץ, אים אָפּגעפירט אין דעם לאַנד כ נ ע ן און באַערדיקט אין דער הייל לעבן ח ב ר ו ן.

ווען י ו ס ף מיט די ברידער זײַנען געקומען צוריק פון באַגלייטן זייער פאָטער, האָבן די ברידער מ ו ר א געהאַט, אַז איצט, ווען דער פאָטער איז מער ניטאָ, וועט זיי י ו ס ף טאָן שלעכטס דערפאַר, וואָס זיי האָבן אים פאַרקויפט.

אָבער י ו ס ף האָט זיי באַרואיקט און געזאָגט: „איך

האָט  א פ ש ר  געטראַכט מיר טאָן שלעכטס, אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך צום גוטן. איצט קאָנט איר רואיק ווײַטער לעבן אין  מ צ ר י ם".

אין  י ו ס ף  האָט געלעבט ביז הונדערט מיט צען יאָר. און ווען ער איז געשטאָרבן, האָט מען אים באַלזאַמירט און באַערדיקט אין  מ צ ר י ם.

אייניקלעך—grandchildren. געזעגנט זיך—bade farewell. אין דער שפּיץ—at the head. געוואָר ווערן—to visit. באַרואיקט—calmed.

### פ ר אַ ג ע ס :

פאַרוואָס האָבן די ברידער פײַנט געהאַט  י ו ס פ ן ?

וואוהין האָט מען פאַרקויפט  י ו ס פ ן  פאַר אַ קנעכט ?

פאַרוואָס האָט מען אַרײַנגעזעצט  י ו ס פ ן  אין טורמע ?

פון וואַנען האָט זיך  פ ר ע ה  דערוואוסט וועגן  י ו ס פ ן ?

וואָס האָט  י ו ס ף  געראָטן  פ ר ע ה ן  צו טאָן, צו פאַרהיטן דאָס לאַנד פון אַ הונגער ?

ווי אַזוי האָט זיך  י ו ס ף  דערוואוסט, אַז זײַנע ברידער זײַנען געקומען קיין  מ צ ר י ם ?

ווי אַזוי האָט  י ו ס ף  געמאַכט קונצן מיט זײַן בעכער ?

פאַרוואָס האָט  י ו ס ף  זיך געלאָזט דערקענען צו זײַנע ברידער ?

וואָס האָט געטאָן  י ע ק ב,  ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז  י ו ס ף  לעבט ?

פאַרוואָס האָט  י ע ק ב  געבעטן, מ'זאָל אים ניט באַערדיקן אין  מ צ ר י ם ?

מיט וואָס האָבן זיך פאַרנומען  י ו ס פ ס  ברידער אין  מ צ ר י ם ?

# אין מצרים און אין מדבר.

## די קינדער פון ישראל ווערן אונטערדריקט.

מיט זיבעציק קינדער און אייניקלעך איז י ע ק ב, אָדער ווי מען האָט אים נאָך גערופן — י ש ר א ל (יִיסראָעל), געקומען קיין מ צ ר י ם. אָבער ביסלעכווייז האָבן זיינע קינדער זיך פאַרמערט און אָנגעפילט דאָס לאַנד.

און עס איז אין מ צ ר י ם אַרויף אויפן טראָן אַ נייער פ ר ע ה, וואָס האָט ניט געוואוסט פון י ו ס פ ן און פון דעם, וואָס יענער האָט געטאָן צו ראַטעווען דאָס לאַנד פון הונגער.

האָט פ ר ע ה געזאָגט: „די קינדער פון י ש ר א ל פאַרמערן זיך און זיינען געוואָרן אַ שטאַרק פאָלק. אין דער צייט פון אַ קריג קאָנען זיי צושטיין צו אונדזער פיינט. מ'דאַרף זיי דערפאַר מאַכן פאַר קנעכט".

האָט פ ר ע ה געצוואונגען די קינדער פון י ש ר א ל צו אַרבעטן שווער, צו בויען פּיראַמידן און פעסטונגען. ער האָט באַשטימט אויפזעער, וואָס זאָלן צווינגען די קינדער פון י ש ר א ל צו אַרבעטן ביי ליים און ביי ציגל און זאָלן ביטער מאַכן זייער לעבן.

פון פאַרטאָג ביז שפּעט ביינאַכט זיינען די קינדער פון י ש ר א ל געשטאַנען אין פעלד אונטער דער ברענענדי־קער זון. מיט די באָרוועסע פיס האָבן זיי געקנאָטן ליים און מיט בלוטיקע הענט געמאַכט ציגל; און די רוט פון די בייזע אויפזעער האָט געפייפט איבער זייערע לייבער.

איז דאָס געווען ווייניק, האָט פ ר ע ה פאַרטראַכט

אינגאַנצן אומברענגען די קינדער פון י ש ר א ל. האָט ער געהייסן, מ׳זאָל יעדן ייִדישן ייִנגל, וואָס וועט געבוירן ווערן, אַרײַנוואַרפן אין טײַך אַרײַן; און נאָר די מיידלעך זאָל מען לאָזן לעבן.

און די שלעכטסקייט פון פ ר ע ה ן איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. פלעגט אַן אַרבעטער אַמאָל פאַרפעלן צו מאַכן די באַשטימטע צאָל ציגל, פלעגט מען דאָס אָרט אין מויער פאַרלייגן מיט זײַנס אַ קינד. און דאָס געשריי פון די קינדער האָט זיך געריסן פון די ווענט און דערגרייכט ביז צום הימל.

פאַרמערט—multiplied. צושטיין—to join. אויפזעער—overseer. פעסטונג—fort. ליים—clay. ציגל—brick. באָרוועס—barefooted. געקנאָטן—kneaded, mixed. דערגרייכט—reached. מויער—wall. רוט—whip. אומברענגען—to destroy. באַשטימטע—certain.

# משהס געבורט.

איינע, אַ פרוי פון י ש ר א ל, י ו כ ב ד (יויכעוועד), האָט דעמאָלט געבוירן אַ זון. איז ער געווען שיין און ליכטיק ווי די זון. האָט זי אים באַהאַלטן דרײַ מאָנאַטן צײַט. מער האָט זי אים באַהאַלטן ניט געקאָנט, ווײַל פ ר ע ה ס דינער האָבן אים שוין געזוכט.

האָט י ו כ ב ד גענומען אַ קעסטעלע און אויסגעשמירט עס פון אינעווייניק און פון דרויסן מיט ליים און מיט פעך, עס זאָל ניט דורכלאָזן קיין וואַסער. און זי האָט אַרײַנגעלייגט דאָס קינד אין קעסטעלע און אַוועקגעשטעלט בײַם ברעג פון טײַך. און דעם ייִנגעלעס שוועסטער האָט זיך געשטעלט פון דער ווײַטנס, זען, וואָס וועט זײַן מיטן קינד.

גראָד דעמאָלט איז פּ ר ע ה ס טאָכטער מיט אירע דינערינס געקומען צום טײַך באָדן זיך. האָט זי דערזען דאָס קעסטעלע. האָט זי געשיקט אַ דינערין, און יענע האָט עס אַרויסגענומען פון וואַסער. האָט פּ ר ע ה ס טאָכטער דערזען — אַ קינד ליגט דערין און וויינט.



פּ ר ע ה ס טאָכטער נעמט אַרויס מ ש ה ן פון טײַך.

האָט זי געזאָגט : „דאָס איז אַ ייִדיש קינד".

און זי האָט זיך דערבאַרימט אויפן קינד און געזאָגט : „מ'דאַרף קריגן אַן אַם, וואָס זאָל אָנזויגן דאָס קינד".

איז צוגעגאַנגען דעם ייִנגעלעס שוועסטער און האָט געפרעגט : „קאָן איך גיין און ברענגען דיר אַן אַם, וואָס זאָל אים אָנזויגן ?"

זאָגט פּ ר ע ה ס טאָכטער : „גיי און ברענג".

איז די שוועסטער געגאַנגען און געבראַכט די מוטער פונם קינד.

האָט פּ ר ע ה ס טאָכטער איר געזאָגט: „נעם דאָס קינד און האָדעווע אים פאַר מיר".

האָט י ו כ ב ד געגומען דאָס קינד צו זיך און אים געהאָדעוועט. און ווען עס איז געוואָרן גרעסער, האָט זי אים געבראַכט צו פּ ר ע ה ס טאָכטער.

און פּ ר ע ה ס טאָכטער האָט אַ נאָמען געגעבן דעם קינד מ ש ה (מוישע). זי האָט אים געלאָזן ביי זיך אין קעניגלעכן פּאַלאַץ און אים געהאַלטן פאַר אירן אַ זון.

געבורט—birth. פון אינווייניק—inside. פון דרויסן—outside. אויסגעשמירט—smeared, covered. פּעך—tar. פון דער וויַיטנס—at a distance. גראָד—just. אַם—nurse. האָדעווען—to bring up.

# משה אַנטלויפט פון מצרים.

ווען מ ש ה איז עלטער געוואָרן, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ער שטאַמט פון די קינדער פון י ש ר א ל.

איז ער געגאַנגען זען, וואָס עס מאַכן זיינע ברידער. האָט ער געזען, ווי מע פּייניקט זיי. האָט ער ניט געקאָנט צוזען זייערע ליידן. ער האָט אָפט אַליין געהאָלפן זיי אין זייער אַרבעט: אַמאָל איז ער געקומען צו הילף אַ שוואַכער פרוי, אַמאָל אַן אַלטן מאַן אָדער אַ יונג קינד.

איינמאָל האָט מ ש ה דערזען, ווי אַ מיצרי שלאָגט אַ ייִדן; איז ער געוואָרן שטאַרק בייז. האָט ער געטויט דעם מיצרי און פאַרגראָבן זיין קערפּער אין זאַמד.

אַז פּ ר ע ה האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט ער געוואָלט טייטן מ ש ה ן. איז מ ש ה אַנטלאָפן פון מ צ ר י ם.

אַ לענגערע צייט האָט ער געוואַנדערט, ביז ער איז געקומען צו אַ ברונעם. דערזעט מ ש ה: עס קומען אָן

מײדלעך מיט זײערע סטאַדעס שעפּסן און װילן זײ אָנ־טרינקען. קומען צו גײן מענער־פּאַסטיכער און טרײַבן אַװעק די מײדלעך.



משה בײַם ברונעם.

האָט דאָס משהן פאַרדראָסן. האָט ער זיך אײַנגעשטעלט פאַר די מײדלעך און זײ געהאָלפן אָנטרינקען זײערע שאָף.

װען די מײדלעך זײַנען געקומען אַהײם, האָט זײ זײער פאָטער געפרעגט: „פאַרװאָס זײַט איר הײַנט אַזױ פרי געקומען?"

האָבן זײ דערצײלט, אַז אַ מאַן פון מצרים האָט זײ געהאָלפן.

האָט זײ דער פאָטער געפרעגט: „פאַרװאָס האָט איר דאָרטן געלאָזן דעם מאַן? רופט אים אַהער, זאָל ער עסן בײַ אונדז".

זײַנען די מײדלעך געגאַנגען און גערופן משהן.

איז מ ש ה דאָרטן פאַרבליבן. ער האָט זיך גענומען פאַר אַ ווייב איינע פון די מיידלעך און אָנגעהויבן צו פּיטערן די שאָף פון זייער פאָטער אין דער מ ד ב ר (מידבאָר).

שטאַמט—descends. פּייניקן—to oppress. איינשטעלן זיך—to help. מדבר—desert, steppe.

# משה אין מדבר.

מ ש ה האָט געפּיטערט זיין שווערס שאָף אין דער מ ד ב ר. אָבער זיין האַרץ איז געווען מיט זיינע אָרימע ברידער אין מ צ ר י ם. ער האָט געהערט, אַז דער אַלטער פּ ר ע ה איז געשטאָרבן, און דער נייער האָט אַרויפגעלייגט אויף די קינדער פון י ש ר א ל נאָך שווערערע אַרבעט. האָט מ ש ה געטראַכט: „ווען זיי דאָס אויסהאַלטן ?"

טראַכטנדיק אַזוי, האָט מ ש ה אַמאָל דערזען בײַם באַרג ח ו ר ב (כוירעוו) אין דער מ ד ב ר אַ דאָרן־שטרויך, וואָס האָט זיך געלויכטן, אַזוי ווי ער וואָלט געברענט. ווען ער איז צוגעגאַנגען אַהין, האָט ער דערהערט, ווי איינער וואָלט אים געזאָגט:

— מ ש ה, די ליידן פון דיינע ברידער אין מ צ ר י ם זיינען זייער גרויס. פאַרלאָז דעם מ ד ב ר, גיי צו זיי און העלף זיי באַפרייען זיך פון פּ ר ע ה ס יאָך. גיי, רוף צונויף די עלטסטע פון די קינדער פון י ש ר א ל און זאָג זיי, אַז עס איז געקומען די צייט, זיי זאָלן ווערן פריי. זאָג זיי אויך, אַז זיי דאַרפן ווערן אַ פאָלק און גיין אין דעם לאַנד, אין וועלכן זייערע אורעלטערן האָבן געוואוינט, אין דעם לאַנד כ נ ע ן.

איז מ ש ה געגאַנגען צו זיין שווער, זיך געזעגנט מיט

אים און איז אַוועק אין מ צ ר י ם. דאָרטן האָט ער באַגעגנט זײַן ברודער אַ ה ר נ ע ן (אַרענען), און צוזאַמען האָבן זײ צונויפגערופן די עלטסטע פון י ש ר א ל. און מ ש ה האָט זײ געזאָגט, וואָס ער האָט געהערט בײַם דאָרנשטרויך: אַז עס איז געקומען די צײַט, זײ זאָלן ווערן פרײַ.

האָבן די עלטסטע געגלויבט אין דעם און האָבן זיך געפרײט.

.bush—שטרויך .thorn—דאָרן .to stand, to bear—אויסהאַלטן
.took leave—זיך געזעגנט

# משה און אַהרן בײַ פּרעהן.

נאָכדעם זײַנען מ ש ה און אַ ה ר ן געגאַנגען צו פּ ר ע ה ן און אים געזאָגט: „יאַהאָווע, דער גאָט פון די קינדער פון י ש ר א ל, וויל, דו זאָלסט זײ אַפּלאָזן אויף דרײַ טעג, זײ זאָלן גײן אין מ ד ב ר און דאָרטן מאַכן פאַר אים אַ י ו ם - ט ו ב".

האָט פּ ר ע ה געענטפערט: „איך קען ניט יאַהאָווען, און איך וועל ניט אַרויסלאָזן די קינדער פון י ש ר א ל. און איר, מ ש ה און אַ ה ר ן, שטערט זײ ניט. זײ האָבן ווײניק אַרבעט, דערפאַר טראַכטן זײ וועגן י מ י ם - ט ו ב י ם. אָט וועל איך מאַכן זײער אַרבעט שווערער, וועלן זײ ניט האָבן קײן צײַט צו טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן".

האָט פּ ר ע ה געהײסן, מען זאָל אויפהערן געבן די קינדער פון י ש ר א ל שטרוי צו מאַכן די ציגל. „זאָלן זײ אַלײן גײן און צונויפקלײַבן דאָס שטרוי. — האָט ער

באַפּוילן. — נאָר די צאָל ציגל זאָלן זיי יעדן טאָג מאַכן דיזעלבע ווי פריער, ווען מ'האָט זיי געגעבן שטרוי".



משה און אהרן ביי פרעהן.

איז די אַרבעט פאַר די קינדער פון ישראל געוואָרן נאָך שווערער. האָבן זיי געזאָגט צו משהן: „זינט דו ביסט געגאַנגען צו פּרעהן בעטן פאַר אונדז, איז אונדז ניט לייכטער, נאָר שווערער געוואָרן".

האָט זיי מ ש ה  באַרואיקט און געזאָגט : „וואַרט צו און איר וועט זען, אַז איר וועט ווערן פריי".

.to gather—צונויפקלײַבן   .holiday—יום־טוב

# די צען פּלאָג.

און אַ ביסל צײַט אַרום איז  מ ש ה  ווידער געגאַנגען צו  פּ ר ע ה ן  און אים געבעטן, ער זאָל אַרויסלאָזן די קינדער פון  י ש ר א ל. האָט אים  פּ ר ע ה  נאָך אַ מאָל אָפּגעזאָגט.

זײַנען אויף דעם לאַנד  מ צ ר י ם  געקומען אַלערליי אומגליקן און פּלאָגן. דאָס וואַסער אינם טײַך נילוס איז געוואָרן רויט ווי בלוט.

און דער טײַך איז פול געוואָרן מיט פרעש און קראָקאָ־דילן ; און די פרעש האָבן זיך צעקראָכן איבערן גאַנצן לאַנד.

און מענטשן און  ב ה מ ו ת  האָבן זיך באַדעקט מיט לײַז און אַנדערע אינזעקטן.

און ווילדע  ח י ו ת  זײַנען באַפאַלן דאָס לאַנד.

און עס האָט אויסגעבראָכן אַ קראַנקהײַט צווישן די פי, און עס זײַנען געפאַלן זייער פיל פון די קי און די פערד און די איזלען אין  מ צ ר י ם.

און די מיצרים האָבן זיך באַדעקט מיט קרעץ.

און אַ שטאַרקער האָגל האָט צעשטערט די געוויקסן אויף די פעלדער.

און עס איז געקומען צו פליען אַ הײַשעריק און האָט אויפגעגעסן דאָס, וואָס עס איז געבליבן פונם האָגל.

און אַ געדיכטע פינצטערניש איז געקומען אויף

מ צ ר י ם, אַזוי אַז מען האָט זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט.

און פ ר ע ה ס האַרץ איז געווען האַרט, און ער האָט אַלץ ניט געוואָלט אַרויסלאָזן די קינדער פון י ש ר א ל פון מ צ ר י ם.

נאָר איינמאָל זיינען פּלוצים געשטאָרבן אין מ צ ר י ם די עלטסטע קינדער; און פ ר ע ה ס זון איז אויך געשטאָרבן. האָט זיך פ ר ע ה דערשראָקן, ער זאָל אַליין אויך ניט שטאַרבן, ווייל ער אַליין איז אויך געווען דער עלטסטער זון ביי זיינע עלטערן. האָט ער שנעל געשיקט רופן צו זיך מ ש ה ן און אַ ה ר נ ע ן און זיי געזאָגט:

— גייט איר און אַלע קינדער פון י ש ר א ל שנעל אַרויס פון מ צ ר י ם און מאַכט אַ י ו ם - ט ו ב אין מ ד ב ר, אַזוי ווי איר האָט געבעטן.

פּלאָג—plague. פרעש—frogs. זיך צעקראָכן—crowled away. קרעץ—boils. האָגל—hail. היישעריק—locust. געדיכט—dense. פינצטערניש—darkness. רירן זיך—to move. אונטעראיילן—to hurry.

## פ ר אַ ג ע ס:

ווי האָט זיך באַצויגן צו די קינדער פון י ש ר א ל דער נייער פ ר ע ה, וואָס האָט ניט געקאָנט י ו ס פ ן?

וואָס פאַר שווערע אַרבעט האָט ער אויף זיי אַרויפגעלייגט?

פאַרוואָס האָט י ו כ ב ד אַוועקגעשטעלט דאָס קערבעלע מיט איר קינד אויפן טייך?

וואו האָט זיך מ ש ה געהאָדעוועט די ערשטע יאָרן און וואו דערנאָך?

פאַרוואָס האָט מ ש ה געדאַרפט אַנטלויפן פון מ צ ר י ם?

וואָס האָט מ ש ה געטאָן אין מ ד ב ר?

פאַרוואָס האָט מ ש ה באַשלאָסן אומצוקערן זיך צוריק קיין מ צ ר י ם?

וואָס האָט מ ש ה געפאָדערט פון פ ר ע ה ן?

וואָס פאַר אַ פּלאָגן זיינען געקומען אויף פ ר ע ה ן?

וואָס האָט געצוואונגען פ ר ע ה ן אַרויסצולאָזן די קינדער פון י ש ר א ל?

# די קינדער פון ישראל גייען אַרויס פון מצרים.

האָבן די קינדער פון י ש ר א ל געגומען אַלצדינג, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט און זיינען אַרויס פון מ צ ר י ם. און די מיצרים האָבן זיי אונטערגעאײַלט, זיי זאָלן וואָס שנעלער אַרויסגיין.

האָבן די קינדער פון י ש ר א ל ניט געהאַט קיין צייט צו לאָזן איינזייערן דעם טייג פאַר זייער ברויט, און זיי האָבן געבאַקן ניט קיין איינגעזייערטע — מ צ ו ת (מאַצעס).

צוליב דעם מאַכן די ייִדן אַ י ו ם ־ ט ו ב אין דעם טאָג, ווען זיי זיינען אַרויס פון מ צ ר י ם און זיינען געוואָרן אַ פרייַ פאָלק, און זיי עסן מ צ ו ת. דאָס איז דער י ו ם ־ ט ו ב פ ס ח (פייסאַך).

איינזייערן—to leaven. טייג—daugh. פסח—passover.

# די קינדער פון ישראל גייען אַריבער דעם ים.

מ ש ה האָט געפירט די קינדער פון י ש ר א ל אין מ ד ב ר, צום ברעג פונם רויטן י ם, אָדער דעם י ם ־ ס ו ף.

אָבער פ ר ע ה ן האָט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזן די קינדער פון י ש ר א ל, וואָס זיינען געווען זיינע שקלאַפן. האָט ער גענומען זיין אַרמיי, איינגע־

שפּאַנט זײַנע רײַטוועגן און נאָכגעיאָגט זײ. און ער האָט זײ דעריאָגט בײַם ברעג ים.

אַז די קינדער פון ישראל האָבן דערזען, אַז פּרעה מיט זײַן אַרמײ קומען אָן, האָבן זײ זיך דערשראָקן. אָבער משה האָט זײ ווידער באַרואיקט און געזאָגט: „וואַרט צו, און איר וועט זען, וואָס עס וועט זײַן".

באַלד האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטאַרקער ווינט און אָפּגעטריבן דאָס וואַסער פון ים. האָט משה גע־הייסן די קינדער פון ישראל, זײ זאָלן אַריבער איבער דעם בעט פון ים אין דער טריקעניש. זײַנען זײ בײַנאַכט דורכגעגאַנגען דעם ים אין דער טריקעניש. און די מיצרים זײַנען אויך אַרײַן אין ים נאָכצויאָגן די קינדער פון ישראל.

האָט פּלוצים אַ בלאָז געטאָן אַ שטאַרקער ווינט פון דער אַנדער זײַט; און דאָס וואַסער האָט זיך אומגעקערט און פאַרגאָסן דעם ים. זײַנען פּרעה און אַלע זײַנע רײַטער און זײַן גאַנצע אַרמײ, וואָס איז געווען אויפן בעט פון ים, דערטרונקען געוואָרן.

דעמאָלט האָבן משה און די קינדער פון ישראל געזונגען לידער און לויבגעזאַנגען.

און מרים, די שוועסטער פון משהן, האָט גענומען אַ פּויק און איז מיט די אַנדערע יידישע פרויען אַרויס אין אַ טאַנץ. אַלע האָבן זיך געפרייט, וואָס זײ האָבן זיך געראַטעוועט פון פּרעהן און פון די מיצרים.

מדבר—desert. ברעג—shore. אײַנגעשפּאַנט—harnessed.
רײַטוועגן—charriots. דעריאָגט—caught up. אָפּגעטריבן—drove off.
פֿאַרגאָסן—filled up. רײַטער—horsemen. פּויק—drum.



מרים גייט אַרום אין טאַנץ.

# די קינדער פון ישראל אין מדבר.

פון דעם רויטן ים זײַנען די קינדער פון ישראל געגאַנגען ווײַטער אין מ ד ב ר אַרײַן. האָבן זײ דאָרטן ניט געהאַט וואָס צו עסן.

האָבן זײ זיך געקלאָגט אויף מ ש ה ן און געזאָגט: „צו וואָס האָסטו אונדז אַרויסגענומען פון מ צ ר י ם, מיר זאָלן דאָ אין מ ד ב ר שטאַרבן פון הונגער?"

אויף מאָרגן אין דער פרי האָבן זײ באַמערקט, אַז די גאַנצע ערד אַרום איז באַדעקט מיט אַזאַ ווײַסן טוי. האָבן זײ דאָס פּרובירט עסן, ערשט עס איז זײער געשמאַק. האָבן זײ די נײַע עסנזאַך אַ נאָמען געגעבן מ ן (מאַן), ד. ה. שפּײַז.

און מ ש ה האָט זײ געזאָגט: „יעדן אינדערפרי זאָלט איר אַרויס און אָנקלײַבן מ ן אויפן טאָג פאַר אײַך און פאַר אײַער הויזגעזינד". האָבן די ייִדן אַזוי געטאָן. אײ־ניקע האָבן אָנגעקליבן מער, ווי זײ האָבן געדאַרפט. איז דאָס איבערגעבליבענע אויף מאָרגן פאַרווערימט געוואָרן.

אײנמאָל האָבן די קינדער פון י ש ר א ל אין דער מ ד ב ר ניט געהאַט קײן וואַסער צו טרינקען. האָבן זײ זיך ווידער געקלאָגט אויף מ ש ה ן: „וואָס האָסטו אונדז אַרויסגענומען פון מ צ ר י ם צו טײטן אונדז מיט אונדזערע קינדער דורך דאָרשט? גיב אונדז וואַסער!"

איז מ ש ה געגאַנגען צו אַ נאָענטן באַרג. ער האָט מיט זײַן שטעקן אַ קלאַפּ געטאָן איבער אַ שטײן, איז אַרויס וואַסער, און דאָס גאַנצע פאָלק און זײערע סטאַדעס שאָף האָבן געטרונקען און געשטילט זײער דאָרשט.

זיך געקלאָגט—complained. באַמערקט—noticed. שפּײַז—food.
הויזגעזינד—family. פאַרווערימט געוואָרן—became wormy.

# די צען געבאָט.

זיבן וואָכן נאָכדעם, ווי די קינדער פון  י ש ר א ל
זײַנען אַרויס פון  מ צ ר י ם,  זײַנען זײ געקומען צום באַרג
ס י נ י  (סינאַי).

האָט זײ  מ ש ה  געזאָגט: „גרײט זיך צו; מאַכט זיך
רײן און וואַשט אײַערע קלײדער. ווײַל אין דרײַ טעג אַרום
וועט איר באַקומען געזעצן, לויט וועלכע איר וועט זיך
דאַרפן אויפפירן“.

אויפן דריטן טאָג האָט  מ ש ה  צוגעפירט דאָס פאָלק
י ש ר א ל  צו דעם־באַרג  ס י נ י.  און דער באַרג איז געווען
באַדעקט מיט וואָלקנס. און עס איז פון אים אַרויס אַ
רויך, און פײַער האָט פון אים געשפּאַרט. און עס האָט
געדונערט און געבליצט.

און  מ ש ה  איז אַרויף אויפן באַרג צום וואָלקן. און
באַלד האָט זיך דערהערט אַ שטימע, וואָס האָט גערופן
און געזאָגט:

איך בין יאַהאַווע דײַן גאָט. זאָלסט ניט האָבן קײן אַנ־
דערע געטער.

דו זאָלסט זיך ניט מאַכן קײן סטאַטועס און קײן בילדער
און זאָלסט צו זײ ניט דינען.

זאָלסט ניט דערמאָנען יאַהאַוועס נאָמען אומזיסט.

זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג
זאָלסטו רוען. און מיט דיר זאָלן אויך רוען דײַן זון און
דײַן טאָכטער, דײַן קנעכט און דײַן דינסט און דײַן אָקס
און דײַן אײזל.

זאָלסט ערן דײַן פאָטער און מוטער!

זאָלסט ניט טײטן!

זאָלסט ניט זײַן צעלאָזן!
זאָלסט ניט ג נ ב ע נ ע ן!
זאָלסט ניט זאָגן קײן פאַלשע ע ד ו ת!
זאָלסט ניט גלוסטן דאָס הויז פון אַ צװײטן!
זאָלסט ניט גלוסטן דעם אָקס אָדער שעפּס, דאָס קלײד אָדער די װײַב פון אַ צװײטן.

דאָס זײַנען די צען געבאָט, װאָס די קינדער פון י ש ר א ל האָבן געהערט און באַקומען אויף דעם באַרג ס י נ י.

גערײט זיך צו—get ready. געבאָט—commandments. דונערן—to thunder. געשפּאַרט—pushed up. װאָלקנס—clouds. גלוסטן—to desire, to covet. צעלאָזן—loose. ערן—to honor. בליץ—lightning.

# דאָס גאָלדענע קאַלב.

אויף מאָרגן איז מ ש ה אַרויף אויף דעם באַרג ס י נ י. ער האָט דאָרט געװאָלט אויסקריצן די צען געבאָט אויף צװײ שטײנערנע טאָװלען. אים האָט באַגלײט זײַן פרײַנט י ה ו ש ו ע, װאָס איז געבליבן װאַרטן אויף מ ש ה ן אונטערן באַרג.

אַז עס זײַנען פאַרבײַ פערציק טעג, און מ ש ה האָט זיך ניט צוריקגעקערט, איז דאָס פאָלק אַװעק צו א ה ר נ ע ן און געזאָגט:

— „זע, מ ש ה איז ניט געקומען צוריק. מיר װײסן ניט, װאָס מיט אים איז געװאָרן. מאַך אונדז אַ גאָט, װאָס זאָל אונדז פירן װײַטער”.

האָט א ה ר ן געהייסן, די מענער און די פרויען זאָלן אים ברענגען זייערע גאָלדענע צירונג. האָבן זיי גע־בראַכט.

האָט א ה ר ן דערפון געמאַכט אַ גאָלדן קאַלב און געזאָגט: „דאָס איז דער גאָט, וואָס האָט אײַך אַרויסגע־נומען פון מ צ ר י ם".

האָט זיך דאָס פאָלק פאַרזאַמלט אַרום דעם גאָלדענעם קאַלב: געגעסן, געטרונקען און געטאַנצט.

גראָד אין דער צײַט איז מ ש ה אַראָפּ פון באַרג. אויף זײַנע הענט האָט ער געהאַלטן צוויי שטיינערנע טאָוולען, צוויי ל ו ח ו ת (לוכעס), אויף וועלכע עס זײַנען געווען אויסגעקריצט די צען געבאָט.

ווי מ ש ה האָט דערזען דאָס גאָלדענע קאַלב און דאָס פאָלק, וואָס טאַנצט אַרום אים, איז ער געוואָרן זייער אין כ ע ס. ער האָט אַ וואָרף געטאָן די טאָוולען און זיי צע־בראָכן.

דערנאָך האָט מ ש ה גענומען דאָס גאָלדענע קאַלב, האָט עס צעשמאָלצן און צעמאָלן און דעם גאָלדענעם שטויב צעשפּרייט. און די ב נ י ־ י ש ר א ל האָט ער באַשטראָפט.

מיט אַ ביסל צײַט שפּעטער האָט מ ש ה אויסגע־האַקט צוויי אַנדערע טאָוולען און אויסגעקריצט אויף זיי די צען געבאָט. און ער האָט געהייסן, און מ'האָט געמאַכט אַ קאַסטן פון האָלץ און אויסגעשלאָגן עס פון אינעווייניק און פון דרויסן מיט גאָלד. און ער האָט אַרײַנגעלייגט אין דעם קאַסטן (אָדער אין דעם אָ ר ו ן) די צוויי ל ו ח ו ת.

**און דער אַרון איז געוואָרן די הייליקסטע און טייערסטע זאַך, וואָס די קינדער פון ישראל האָבן געהאַט; און זיי האָבן אים מיטגענומען, וואוהין זיי זיינען געגאַנגען.**

אויסקריצן—to carve. טאָוולען—tablets. קאַלב—calf.
לוחות—tablets. צעשמאָלצן—smelted. צעמאָלן—to grind.
צעשפּרייט—scattered. באַשטראָפט—punished. אויסגעהאַקט—hewed, cut. קאַסטן—box, ark.

## פּראַגעס:

וועלכער יידישער יום-טוב איז פאַרבונדן מיט דעם, וואָס די קינדער פון ישראל זיינען אַרויס פון מצרים?
פאַרוואָס האָט פּרעה נאָכגעיאָגט די קינדער פון ישראל?
ווי אַזוי זיינען די קינדער פון ישראל אַריבער דעם ים?
ווי האָבן די קינדער פון ישראל געפאָלגט משהן?
וואָס איז געווען דער מן?
וואו האָבן די קינדער פון ישראל באַקומען די צען געבאָט?
ווי האָט אויסגעזען דער באַרג סיני, ווען די קינדער פון ישראל האָבן באַקומען די צען געבאָט?
גיב איבער די צען געבאָט.
צוליב וואָס איז משה אַרויף אויפן באַרג סיני?
וואָס האָבן די בני-ישראל זיך געמאַכט, ווען משה האָט זיך פאַרזאַמט?
וואָס האָט משה געטאָן, ווען ער האָט דערזען דאָס גאָלדענע קאַלב?
וואוהין האָט משה אַריינגעלייגט די צוויי נייע שטיינערנע טאָוולען מיט די צען געבאָט?

# די מרגלים.

אין אַ ביסל צײַט אַרום האָט  מ ש ה  גענומען צוועלף מענטשן — צו אײנעם פון יעדן  ש ב ט  (שײַוועט) פון  י ש ר א ל — און זײַ געזאָגט:



די  מ ר ג ל י ם  ברענגען די פרוכט פון לאַנד.

— „גײט, קוקט אויס דאָס לאַנד כ נ ע ן, וואָס איז פֿאַרשפּראָכן געוואָרן צו אײַערע עלטערן. זעט — ווי איז דאָרט דאָס פֿאָלק: שטאַרק צי שוואַך, פֿיל צי ווײניק; ווי איז דאָס לאַנד: גוט צי שלעכט, פֿעט צי מאָגער; און ווי זײַנען דאָרט די שטעט: מיט מויערן אַרום צי אָפֿענע".

זײַנען די צוועלף מענטשן געגאַנגען און אויסגעקוקט דאָס לאַנד. און אין פֿערציק טעג אַרום זײַנען זײ געקומען צוריק און געבראַכט פֿון די פֿרוכט פֿון דעם לאַנד. צווײ פֿון זײ האָבן אויף אַ שטעקן געטראָגן אײן הענגל ווײַנטרויבן.

און די אויסקוקער, די מ ר ג ל י ם (מעראַגלים), האָבן געזאָגט צום פֿאָלק: „דאָס לאַנד וואוהין מ ש ה וויל אונדז אַרײַנפֿירן, איז פֿרוכטבאַר. דאָס איז אַ לאַנד, וואָס פֿליסט מיט מילך און האָניק. אָבער אירע אײַנוואוינער זײַנען זײער שטאַרק. און די שטעט זײערע זײַנען פֿעסטע; מיר וועלן זײ קײנמאָל ניט קאָנען אײַננעמען. מיר האָבן דאָרטן אויך געזען ריזן; מיר האָבן קעגן זײ אויסגעזען ווי הײשעריקן. און דערצו עסט דאָס לאַנד אויף אירע אײַנוואוינער דורך אַלערלײ קראַנקהײַטן".

אַז דאָס פֿאָלק האָט דערהערט די רײד פֿון די אויסקוקער, האָבן זײ זיך צעוויינט און געזאָגט: „מיר וועלן אַהין ניט גײן".

זײַנען אַרויס צווײ פֿון די אויסקוקער — כ ל ב (קאָלעוו) און י ה ו ש ו ע — און האָבן געזאָגט: „שרעקט זיך ניט, קינדער פֿון י ש ר א ל, מיר וועלן גײן אַהין, און מיר וועלן באַזיגן די דאָרטיקע אײַנוואוינער."

אָבער דאָס פֿאָלק האָט זיך ניט צוגעהערט צו די רײד פֿון די צווײ. און זײ האָבן גערעדט צו מ ש ה ן און צו אַ ה ר נ ע ן: „בעסער וואָלט איר אונדז שוין געלאָזן אין

מ צ ר י ם אָדער דאָ אין דעם מ ד ב ר, איידער נעמען אונדז אַהין, וואו מ'וועט אונדז אַליין ה ר ג ע נ ע ן מיטן שווערד און אונדזערע ווײַבער און קינדער אַוועקנעמען".

און אַנדערע האָבן געזאָגט: „עס איז שוין בעסער צו גיין צוריק קיין מ צ ר י ם. לאָמיר באַשטימען אַן עלטסטן איבער אונדז און זאָל ער אונדז פירן קיין מצרים".

און דאָס פאָלק האָט אַ גאַנצע נאַכט געוויינט און גערעדט שלעכטס אויף מ ש ה ן.

אויף מאָרגן האָט מ ש ה צונויפגערופן דאָס גאַנצע פאָלק און זיי געזאָגט: „עס וועט זײַן אַזוי ווי איר האָט געזאָגט: איר אַלע, וואָס זײַט אַרויס פון מ צ ר י ם, וועט בלײַבן דאָ אין מ ד ב ר. און בלויז די קינדער אײַערע, וואָס ווערן זיך אויפהאָדעווען אונטער מײַן פירערשאַפט, זיי וועלן גיין און אײַננעמען דאָס לאַנד.

„איר אַלע וועט דאָ פאַרבלײַבן אין מ ד ב ר פערציק יאָר, ביז אײַער גאַנצער ד ו ר וועט אויסשטאַרבן. בלויז כ ל ב און י ה ו ש ו ע, וואָס האָבן גערעדט גוטס אויפן לאַנד, וועלן איבערבלײַבן און אַרײַן אַהין צוזאַמען מיט דעם נײַעם ד ו ר".

אַז דאָס פאָלק האָט דערהערט מ ש ה ס רייד, זײַנען זיי געוואָרן אומעטיק און געזאָגט: „מיר וועלן שוין גיין אין יענעם לאַנד. פיר אונדז!"

אָבער מ ש ה האָט געזאָגט: „איצט איז שוין שפּעט. איר וועט דאָ בלײַבן די גאַנצע פערציק יאָר".

און די קינדער פון י שׂ ר א ל האָבן געוואַנדערט אין מ ד ב ר פערציק יאָר. אַז זיי האָבן געדאַרפט אַריבער פון איין פּלאַץ אין דעם אַנדערן, פלעגן זיי צונויפלייגן זייערע געצעלטן. פאָרויס פלעגט מען טראָגן דעם הייליקן

אָ ר ו ן, און נאָך אים פלעגן גײן די קינדער פון י ש ר א ל לויט די ש ב ט י ם (שוואָטים).

שבט—tribe. קוקט אוים—explore. פאַרשפּראָכן—promised. הענגל—cluster, bunch. וויינטרויבן—grapes. מרגלים—spies. פרוכטבאַר—fertile, rich. פליסט—flows. ריזן—giants. איינגעמען—to conquer. דור—generation.

# משהס בילד.

מ ש ה האָט געפירט די קינדער פון י ש ר א ל אין מ ד ב ר. ער האָט זײ געגעבן אַלערלײ געזעצן, וואָס האָבן געמאַכט זײער לעבן שענער און ערלעכער.

איז מ ש ה ס נאָמען באַרימט געוואָרן אין די וויַט־סטע לענדער.

האָט זיך איינעם אַן אַראַבישן קעניג, וואָס האָט זײער פיל געהערט פון מ ש ה ן, פאַרוואָלט האָבן ביי זיך מ ש ה ס בילד. האָט ער גערופן צו זיך זיין בעסטן מאַלער און געזאָגט: „גײ אין מ ד ב ר צו די קינדער פון י ש ר א ל, קוק זיך צו צו מ ש ה ן, מאָל אָפּ פּינקטלעך זיין בילד און ברענג עס מיר.”

האָט דער מאַלער אַזוי געטאָן און געבראַכט דאָס בילד צום קעניג.

האָט דער קעניג גערופן זיינע געלערנטע לייט, וואָס האָבן געקענט דערקענען דעם כאַראַקטער פון אַ מענטשן לויט די שטריכן פון זיין פּ נ י ם, און זײ געזאָגט: „באַטראַכט דאָס בילד פון אָט דעם מאַן און זאָגט מיר, וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש ער איז.”

האָבן די געלערנטע לאַנג באַטראַכט דאָס בילד און נאָכדעם געזאָגט:

„דער מאַן, וואָס איז דאָ אויפן בילד, זעט אויס צו זײַן זײער אַ שלעכטער. ער איז אַ ליגנער, אַ גרויסהאַל־טער; ער יאָגט זיך נאָך מאַכט און איז האַרטהערציק".

אַז דער קעניג האָט דאָס דערהערט, איז ער זײער בײז געוואָרן און געזאָגט:

— ווי איז מעגלעך, אַז אַ מענטש, ווי איר באַשרײַבט אים, זאָל ווײַזן אַזעלכע וואונדער און זאָל געבן אַזעלכע פֿײַנע געזעצן דעם פֿאָלק, וואָס ער האָט באַפֿרײַט פֿון קנעכטשאַפֿט? אײנס פֿון די צוויי מוז דאָ זײַן פֿאַלש: אָדער דאָס בילד איז ניט פּינקטלעך אָנגעמאָלן, אָדער איר קאָנט ניט ריכטיק אויסטײַטשן דאָס בילד".

האָט דער קעניג באַשלאָסן צו לאָזן זיך אין מ ד ב ר, כדי מיט די אײגענע אויגן אָנצוקוקן מ ש ה ן און דערגײן דעם א מ ת.

אַז דער קעניג איז געקומען אין מ ד ב ר און זיך גוט צוגעקוקט צו מ ש ה ן, האָט ער געזען, אַז דאָס בילד איז אָפּגעמאָלן פּינקטלעך אויף אַ האָר. אָבער ער האָט דאָך ניט געוואָלט גלויבן, אַז זײַנע געלערנטע, וואָס פֿלעגן אַלעמאָל אַזוי פֿײַן צוטרעפֿן, זאָלן דאָס מאָל אַזוי שלעכט אויסטײַטשן אַ בילד.

איז דער קעניג אַוועק צו מ ש ה ן און אים דערציילט די גאַנצע מ ע ש ה.

האָט מ ש ה אויסגעהערט און געזאָגט:

„דײַנע געלערנטע האָבן דיך ניט אָפּגענאַרט. עס איז א מ ת, אַז פֿון דער נאַטור ליגן אין מיר אָט די אַלע שלעכ־טע שטריכן, וואָס דײַנע געלערנטע האָבן געפֿונען אין מיר לויט דעם בילד. אָבער איך האָב מײַן גאַנץ לעבן געפֿירט אַ קאַמף קעגן אָט די שלעכטע און מ י א ו ס ע שטריכן. יעדעס מאָל, ווען מיר פֿלעגט זיך וועלן טאָן אַ

שלעכטע זאַך, פלעג איך אַ טראַכט טאָן: „אָבער דאָס איז דאָך מ י א ו ס, דאָס איז דאָך שלעכט". און איך פלעג זיך באַמיען אָפּצוהאַלטן זיך און ניט צו טאָן די שלעכטע זאַך, נאָר פאַרקערט — פאַרבײַטן זי אויף אַ גוטער.

„אַזוי האָב איך ביסלעכווײַז באַקעמפט אַלע מײַנע שלעכטע שטריכן, וואָס איך האָב פאַרמאָגט, און בין געוואָרן דאָס, וואָס איך בין איצט".

באַרימט—famous. renown. פּינקטלעך—exactly. מאַלער—painter, artist. שטריכן—traits. סאָרט—kind. ליגנער—liar. גרויסהאַלטער—conceited. צוטרעפן—to interpret. אָפּנאַרן—to deceive. נאַטור—nature. מיאוסע—ugly. זיך באַמיען—to make an effort. פאַרקערט—the opposite. פאַרבײַטן—to change.

# משהס טויט.

מ ש ה האָט געפירט די קינדער פון י ש ר א ל אַלץ נעענטער צום טײַך י ר ד ן (יארדן), וואָס איז געווען די גרעניץ פון דעם לאַנד כ נ ע ן.

בײַם י ר ד ן האָבן געוואוינט פאַרשײדענע קלײנע פעלקער, וואָס מ'האָט געדאַרפט דורכגײן זײערע לענדער, כ ד י צו קומען צום י ר ד ן.

האָט מ ש ה געשיקט מענטשן צו די פעלקער און זײ געזאָגט: „לאָזט אונדז דורכגײן דורך אײַער לאַנד. מיר וועלן ניט גײן איבער די פעלדער אָדער איבער די ווײַנ־גערטנער, נאָר איבער די ברײטע וועגן. און וואַסער און עסנוואַרג וועלן מיר בײַ אײַך קויפן פאַר געלט. מיר וועלן גאָרנישט אָנרירן פון אײַערס, נאָר לאָזט אונדז דורכ־גײן דורך אײַער לאַנד".

האָבן די פעלקער ניט געלאָזט די קינדער פון ישראל דורכגײן דורך זײערע לענדער. זײַנען די בני־ישראל אָנגעפאַלן אויף זײ און זײ צעשלאָגן און אָפּגענומען זײערע לענדער פאַר זיך.

און אַז די בני־ישראל זײַנען געווען בײַם ירדן, איז געקומען די צײַט פאַר משהן צו שטאַרבן. האָט ער צונויפגערופן דאָס פאָלק, האָט גערופן צו זיך יהושוען און פאַר אַלעמען אין די אויגן אַרויפגעלײגט אויף אים די הענט און באַשטימט אים פאַר דעם פירער פון די קינדער פון ישראל.



משה באַשטימט יהושוען פאַר דעם אָנפירער.

נאָכדעם האָט  מ ש ה  געבענטשט די קינדער פון  י ש ר א ל און זיך געזעגנט מיט זיי.

און דעמאָלט איז ער אַרויף אויף דעם באַרג נעוואָ. פון דאָרטן האָט ער געזען דאָס גאַנצע לאַנד, וואוהין ער האָט געפירט די קינדער פון  י ש ר א ל,  נאָר וואוהין ער אַליין וועט ניט אַריין.

און  מ ש ה  איז געשטאָרבן אויף דעם באַרג נעוואָ, ווען ער איז אַלט געווען הונדערט מיט צוואַנציק יאָר.  און קיינער האָט ניט געוואוסט און קיינער ווייס נאָך ביז היינט ניט, וואו זיין  ק ב ר  (קייווער) איז.

האָבן די קינדער פון  י ש ר א ל  באַוויינט  מ ש ה ן  דרייסיק טעג.  און ווען עס זיינען אַריבער די טרויער־טעג, איז  י ה ו ש ו ע  פול געוואָרן מיט דעם גייסט פון קלוג־שאַפט, אַזוי ווי  מ ש ה  האָט אים געבענטשט.  און די קינדער פון  י ש ר א ל  האָבן איצט געפאָלגט  י ה ו ש ו ע ן, ווי אַמאָל  מ ש ה ן,  ווייל אַזוי האָט  מ ש ה  געהייסן.

גרעניץ—boundary.  אָנרירן—to touch.  אָנגעפאַלן—attacked.
גייסט—spirit.  געהייסן—commanded.

## פ ר אַ ג ע ס:

וועמען האָט  מ ש ה  געשיקט אויסקוקן דאָס לאַנד  כ נ ע ן ?
וואָס פאַר אַ גרוס האָבן געבראַכט די אויסקוקער ?
ווי האָט זיך אָפּגערופן דאָס פאָלק אויף די רייד פון די אויסקוקער ?
וואָס האָט דעמאָלט  מ ש ה  באַשטימט ווענגן די קינדער פון  י ש ר א ל,  וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון  מ צ ר י ם ?
וואוהין האָט  מ ש ה  צוגעפירט די קינדער פון  י ש ר א ל ?
וואָס האָט  מ ש ה  געבעטן ביי די פעלקערלעך, וואָס האָבן גע־וואוינט ביים  י ר ד ן ?
וועמען האָט  מ ש ה  פאַר זיין טויט באַשטימט פאַר אַ פירער אָנשטאָט אים ?
וואו איז  מ ש ה  געשטאָרבן ?
ווי אַלט איז געווען  מ ש ה,  ווען ער איז געשטאָרבן ?

# די שופטים.

## יהושוע שיקט אויסקוקער אין יריחו.

אין אַ ביסל צײַט אַרום האָט יהושוע גערופן אַלע עלטסטע פון די בני־ישראל און זײַ געזאָגט: „גייט, זאָגט אָן דעם גאַנצן פאָלק, זײַ זאָלן צונויפ־נעמען זײַערע סטאַדעס שאָף און אָנגרייטן זיך מיט שפּײַז; ווײַל אין אַ קורצער צײַט אַרום וועלן מיר אַריבער דעם ירדן (יאַרדן) און אַרײַן אין דעם לאַנד כנען (קנאַאַן), וואָס איז פאַרשפּראָכן געוואָרן צו אונדזערע עלטערן.

האָבן די עלטסטע אַזוי געטאָן.

דעמאָלט האָט יהושוע געשיקט צוויי מענטשן, זײַ זאָלן אויסקוקן די שטאָט יריחו (יעריכוי), וואָס אויף דער אַנדער זײַט ירדן. זײַנען זײַ געגאַנגען און באַקוקט די שטאָט. און זײַ זײַנען פאַרגאַנגען אין אַ גאַסטהויז.

האָט מען דערציילט דעם קעניג פון יריחו, אַז פרעמדע מענטשן זײַנען געקומען אין שטאָט, און אַז זײַ זײַנען אַרײַן אין דעם גאַסטהויז.

האָט דער קעניג געשיקט און געפאָדערט, מ׳זאָל אים אַרויסגעבן די מענטשן.

האָט די באַלעבאָסטע פון גאַסטהויז געזאָגט:

„עס זײַנען טאַקע פאַרגאַנגען אַהער פרעמדע מענטשן, זי ווייס ניט פון וואַנען. אָבער אין אָוונט זײַנען זײַ אַוועק — זי ווייס ניט וואוהין. יאָגט זײַ נאָך, וועט איר זײַ כאַפּן".

און די באַלעבאָסטע האָט אַרויפגענומען די צוויי מענטשן אויפן דאַך פון איר הויז און זיי געזאָגט:

„איך ווייס, אַז די בני־ישראל וועלן אײַננעמען דאָס לאַנד. אַלע האָבן מורא פאַר אײַך און האָבן ניט קיין מוט צו שטעלן זיך אַנטקעגן אײַך".

„איצט וועל איך אײַך עפּעס בעטן: אַזוי ווי איך האָב געראַטעוועט אײַער לעבן, זאָלט איר אויך ראַטעווען מײַן לעבן און דאָס לעבן פון מײַן משפּחה, ווען איר וועט אײַננעמען די שטאָט".

האָבן די צוויי מענטשן דאָס איר פאַרשפּראָכן, און די באַלעבאָסטע האָט זיי אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטריק דורכן פענצטער אויף יענער זײַט מויער פון שטאָט, ווײַל איר הויז איז געווען אין דער מויער.

זײַנען די צוויי מענטשן אַוועק אין די בערג; זיי האָבן זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן, ביז עס האָבן זיך אומגעקערט די, וואָס האָבן זיי נאָכגעיאָגט. דעמאָלט זײַנען זיי אַריבער דעם ירדן און געקומען צו יהושען.

און זיי האָבן געזאָגט יהושען: „דאָס גאַנצע לאַנד וועט ווערן אונדזערס, ווײַל די אײַנוואוינער פון לאַנד האָבן פאַר אונדז מורא און האָבן פאַרלאָרן זייער מוט".

עלטסטע—elders. צונויפנעמען—to gather. אַנגרייטן—to prepare.
יאָגט נאָך—chase, pursue. געראַטעוועט—rescued, saved.
מוט—courage. גאַסטהויז—inn. פאַרשפּראָכן—promised.
שטריק—rope. אויסבאַהאַלטן—to hide. מויער—wall.
זיך אומגעקערט—returned. פאַרלאָרן—lost.

# די בני־ישראל נעמען יריחו.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זײַנען די בני־ישראל גע־קומען צום ירדן. דעמאָלט האָבן די כּוהנים (קויהאַנים) גענומען דעם הײליקן אָרון און זײַנען גע־גאַנגען פֿאָרויס. און נאָכדעם זײַנען געגאַנגען אַלע אַנדערע פֿון פֿאָלק. און זײ זײַנען אַריבער דעם ירדן.

האָט יהושע געהײסן צונויפֿברענגען צוועלף גרויסע שטײנער און מאַכן פֿון זײ אַ קופּע. דאָס זאָל זײַן אַן אָנדענק, אַז אין דעם פּלאַץ זײַנען די בני־ישראל אַריבער דעם ירדן.

און די שטאָט יריחו איז געווען אַרומגעשלאָסן פֿון אַלע זײַטן.

האָט יהושע געהײסן, די כּוהנים זאָלן נעמען דעם הײליקן אָרון, און די באַוואָפֿנטע מענטשן פֿון די בני־ישראל זאָלן גײן נאָך זײ, און זײ זאָלן אַרומ־גײן אַרום דער שטאָט. האָבן זײ אַזוי געטאָן זעקס טעג. און אויפֿן זיבעטן טאָג האָט יהושע געהײסן מ'זאָל אַרומגײן אַרום דער שטאָט זיבן מאָל.

און דעם זיבעטן מאָל האָבן די בני־ישראל גע־בלאָזן אין האָרנס און געשאַלט און געשריען און זיך געוואָרפֿן אויף די מויערן פֿון דער שטאָט.

זײַנען די מויערן געפֿאַלן פֿאַר די בני־ישראל און זײ האָבן אײַנגענומען די גאַנצע שטאָט.

האָט יהושע געהײסן, מ'זאָל אויסהרגענען אַלע אײַנוואוינער פֿון שטאָט, אויסער דער באַלעבאָסטע פֿון גאַסטהויז און איר משפּחה. ער האָט אויך געהײסן, מ'זאָל גאָרנישט ניט נעמען פֿון שטאָט — ניט קײן זילבער

און גאָלד, ניט קיין כ ל י ם און קליידער, ניט קיין שאָף
און רינדער; נאָר מ'זאָל אַלצדינג פאַרברענען.
האָבן די ב נ י ־ י ש ר א ל אַזוי געטאָן.
נאָכדעם האָט י ה ו ש ו ע איינגענומען אַ צאָל אַנדערע
שטעט. און די אײַנוואוינער פונם לאַנד האָבן פאַרלאָרן
זייער מוט צו שטעלן זיך אַנטקעגן די ב נ י ־ י ש ר א ל.

אַרומגעשלאָסן—locked. כוהנים—priests. באַוואָפנט—armed.
אָרון—ark. געשאַלט—blew, sounded. איינגענומען—conquered.
אויסהרגענען—to kill, to slay. כלים—vessels, dishes. איינוואוינער—inhabitants.

# די גיבעונים נאַרן אָפּ יהושוען.

אַז די איינוואוינער פון דער שטאָט ג י ב ע ו ן (גיוואויז),
וואָס איז געווען ניט ווײַט פון י ר י ח ו, האָבן זיך דער־
וואוסט, וואָס י ה ו ש ו ע האָט געטאָן צו י ר י ח ו און
די אַנדערע שטעט פון לאַנד, האָבן זיי זיך דערשראָקן, ער
זאָל מיט זיי אויך אַזוי ניט טאָן.

האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצונאַרן י ה ו ש ו ע ן.

זיי האָבן אָנגעטאָן צעריסענע קליידער און שיך;
אַרויפגעלייגט אויף זייערע אייזלען צעריסענע זאָטלען;
גענומען מיט זיך אַלט, פאַרשימלט ברויט און זײַנען
אַוועק צו י ה ו ש ו ע ן און אים געזאָגט:

„מיר זײַנען געקומען צו אײַך שליסן מיט אײַך אַ בונד
פון פרײַנטשאַפט".

פרעגט זיי י ה ו ש ו ע: „און פון וואַנען קומט איר?"

זאָגן זיי: „מיר קומען פון אַ ווײַט לאַנד. ווען מיר
זײַנען אַרויס פון דער היים, זײַנען אונדזערע קליידער און
שיך געווען נײַע, און דאָס ברויט פריש; און איצט, ווי

איר זעט, זײַנען אונדזערע קלײדער צעריסן און דאָס ברויט פאַרשימלט".

האָט יהושע און די עלטסטע פון פאָלק געשלאָסן אַ פרידנס־בונד מיט די מענטשן, וואָס זײַנען געקומען צו זײ.

און אין דרײַ טעג אַרום האָבן די עלטסטע פון די בני־ישראל זיך דערוואוסט, אַז די מענטשן זײַנען פון אַ דערבײַאיק שטעטעלע. זײַנען די בני־ישראל געוואָרן זײער בײז אויף זײ און געפאָדערט, מ'זאָל זײ באַשטראָפן.

אָבער די עלטסטע האָבן געזאָגט: „מיר האָבן זײ געגעבן אונדזער וואָרט, אַז מיר וועלן זײ לאָזן לעבן".

האָט יהושע גערופן די אײַנוואוינער פון גיבעון און זײ געזאָגט: „פאַרוואָס האָט איר אונדז אָפּגענאַרט?"

האָבן יענע געענטפערט: „מיר האָבן געהערט, אַז איר האָט באַשלאָסן אויסצוהרגענען אַלע אײַנוואוינער פון לאַנד. האָבן מיר זיך דערשראָקן. האָבן מיר דערפאַר געוואָלט שליסן מיט אײַך פרײַנטשאַפט. איצט קענט איר טאָן מיט אונדז, ווי איר ווילט".

האָט זײ יהושע געזאָגט: „מיר האָבן אײַך צוגעשוואָרן, און דערפאַר וועלן מיר אײַך קײן שלעכטס ניט טאָן. אָבער דאָס וועט איר יאָ טאָן: איר וועט זײַן די האָלצהעקער און די וואַסערטרעגער פאַר דעם הײליקן פּלאַץ, וואו עס וועט שטײן דער הײליקער אָרון".

און יהושע האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר די מענטשן און מ'האָט זײ קײן שלעכטס ניט געטאָן.

זיך דערשראָקן—became affraid
זאָטלען—saddles
צעריסענע—torn.
פאַרשימלט—mouldy.
שליסן אַ בונד—

to make a treaty. באַשטראָפן—to punish. צוגעשוואָרן—gave our word. האָלצהעקער—wood cutters. וואַסערטרעגער—water carriers. זיך אײַנגעשטעלט—protected.

# יהושע העלפט די גיבעונים.

ווען די קעניגן פון די אַרומיקע שטעט האָבן זיך דער־וואוסט, וואָס די אײַנוואוינער פון גיבעון האָבן געטאָן, האָבן זײ געזאָגט: „מיר דאַרפן גײן און באַשטראָפן די גיבעונים, ווײַל זײ האָבן געשלאָסן שלום מיט אונדזערע פײַנט“.

האָבן זײ גענומען זײערע מענטשן און באַפאַלן די גיבעונים.

האָבן די גיבעונים געשיקט זאָגן יהושען: „זאָג זיך ניט אָפּ פון קומען העלפן אונדז, ווײַל די קעניגן פון די אַרומיקע שטעט זײַנען אָנגעפאַלן אויף אונדז“.

האָט יהושע אויף שנעל צונויפגענומען די בני־ישראל און איז געגאַנגען צו הילף די גיבעונים. ער איז בײַנאַכט אָנגעפאַלן אויף די קעניגן, וואָס האָבן אָנגעהויבן די מלחמה. זײַנען יענע אַנטלאָפן, און די בני־ישראל האָבן זײ נאָכגעיאָגט אַ גאַנצן טאָג און האָבן זײ צעשלאָגן.

נאָכדעם האָבן די בני־ישראל צעשלאָגן אויך די אַנדערע קעניגן פון לאַנד, ביז זײ האָבן אײַנגענומען דעם גרעסטן טײל פונם לאַנד כנען און האָבן זיך דאָרטן באַזעצט.

באַפאַלן—to attack. זאָג זיך ניט אָפּ—dont refuse.

# יהושוע צעטיילט דאָס לאַנד.

י ה ו ש ו ע האָט געהייסן ברענגען דעם הייליקן אָ ר ו ן אין דער שטאָט ש י ל ה (שילוי). דאָרטן האָט מען אויפגעשטעלט אַ שיין געצעלט און אַריינגעשטעלט אַהין דעם אָ ר ו ן.

און י ה ו ש ו ע האָט גענומען צו דריי מענטשן פון יעדן ש ב ט (שייוועט) און זיי געשיקט איבערשרייבן יעדע שטאָט און יעדעס דערפל אין לאַנד. זיינען זיי געגאַנגען. און ווען זיי האָבן געענדיקט די אַרבעט, זיינען זיי געקומען צו י ה ו ש ו ע ן אין ש י ל ה.

האָט י ה ו ש ו ע פאַררופן אין ש י ל ה די אַלע עלטסטע פון י ש ר א ל און האָט דאָרטן איינגעטיילט



י ה ו ש ו ע צעטיילט דאָס לאַנד צווישן די ש ב ט י ם.

דאָס גאַנצע לאַנד צווישן די צוועלף שבטים פון ישראל.

יהושע האָט אויך דערציילט די עלטסטע און די ריכטער פון פאָלק אַלצדינג, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די בני־ישראל זינט זיי זיינען אַרויס פון מצרים; און ער האָט זיי געוואָרנט, זיי זאָלן אָפּהיטן די אַלע געזעצן, וואָס משה האָט געגעבן די בני־ישראל אין מדבר.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז יהושע געשטאָרבן, הונדערט מיט צען יאָר אַלט.

פאַררופן—called together. פּאַסירט—happened. ריכטער—judges. געוואָרנט—warned.

## פראַגעס:

פאַרוואָס האָט די באַלעבאָסטע פון גאַסטהויז אין יריחו באַהאַלטן די אויסקוקער פון די בני־ישראל?

ווי אַזוי האָט יהושע איינגענומען יריחו?

וואָס האָט יהושע געטאָן מיט יריחו?

פאַרוואָס זיינען די איינוואוינער פון גבעון געקומען צו יהושען און אים אָפּגענאַרט?

ווי האָט יהושע דערפאַר זיי באַשטראָפט?

ווי האָט יהושע צעטיילט דאָס לאַנד צווישן די בני־ישראל?

# דבורה.



דבורה.

נאָך יהושועס טויט זײַנען די בני־ישראל געבליבן אַ לאַנגע צײַט אָן אַ פירער. זײ האָבן געהאַט אײַנגענומען אַ גרויסן טײל פון לאַנד. אין אַנדערע טײלן אָבער האָבן נאָך געלעבט די כנענים. און זײ, די כגענים, פלעגן אָפט אָנפאַלן אויף די בני־ישראל. דער קריגסהאַר פון די כנענים, סיסראָ, האָט געהאַט

ניַין הונדערט אײַזערנע רײַטוועגן און איז דערפֿאַר געווען זייער שטאַרק.

אין יענער צײַט איז בײַ די בני־ישראל געווען זייער אַ קלוגע פֿרוי, דבורה. צו איר פֿלעגן די בני־ישראל קומען משפּטן זיך. האָט דבורה גערופֿן אירן אַ פֿרײַנט, ברק, און אים געזאָגט:

„גיי, נעם צונויף די בני־ישראל און גיי אַרויס אין קאַמף קעגן סיסראָן".

האָט איר ברק געזאָגט: „וועסטו גיין מיט מיר, וועל איך אויך גיין. און וועסטו ניט גיין, וועל איך אויך ניט גיין".

האָט דבורה צוגעשטימט צו גיין מיט אים.

האָט ברק צונויפֿגערופֿן צען טויזנט פֿון ישראל און איז אַרויס קעגן די כנענים. און סיסראָ האָט גע־נומען זײַנע אײַזערנע רײַטוועגן און זײַן גאַנץ פֿאָלק און איז אַרויסגעטראָטן קעגן ברקן.

זײַנען די כנענים צעטומלט געוואָרן און זײַנען זיך צעלאָפֿן. און סיסראָ אַליין איז אַראָפּ פֿון זײַן רײַטוואָגן און איז אַנטלאָפֿן צופֿוס. אויפֿן וועג איז ער אַרײַן אין דעם געצעלט פֿון זײַנער אַ באַקאַנטער פֿרוי. ער איז געווען זייער דאָרשטיק. האָט זי אים געגעבן טרינקען מילך, און ער איז אײַנגעשלאָפֿן. האָט די פֿרוי גענומען אַ האַמער און האָט דערהרגעט סיסראָן, ווען יענער איז גע־שלאָפֿן.

און ווען ברק איז פֿאַרבײַגעלאָפֿן פֿאַרבײַ איר גע־צעלט, האָט די פֿרוי אים אַרײַנגערופֿן און געוויזן אים זײַן פֿײַנט סיסראָן אַ טויטן.

דעמאָלט האָט ברק צעשלאָגן די כנענים, און זיי זײַנען שוין מער קיינמאָל ניט אָנגעפֿאַלן אויף די בני־ישראל.

און ד ב ו ר ה האָט נאָכדעם געזונגען אַ שײן ליד וועגן דעם גרויסן זיג איבער די כ נ ע נ י ם.

.to be judged—משפטן זיך .general—קריגסהער .leader—פירער
.became confused—צעטומלט געוואָרן .agreed—צוגעשטימט

# גידעון.

אײן צײַט זײַנען אויף די ב נ י ־ י ש ר א ל אָנגעפאַלן ווילדע ש ב ט י ם פון מ ד ב ר, די מ ד י נ י ם (מידיאַנים). ווען די ב נ י ־ י ש ר א ל פלעגן פאַרזײען זײערע פעלדער, פלעגן די מ ד י נ י ם קומען מיט זײערע סטאַדעס שעפּסן און קעמלען; זײ פלעגן אָנפאַלן אויף די פעלדער און פלעגן אַלץ אָפּעסן און צעטרעטן, און אַמאָל פלעגן זײ נאָך צונעמען די ייִדישע פרויען און קינדער.

דעמאָלט איז בײַ די ב נ י ־ י ש ר א ל געווען אַ העל־דישער מאַן מיטן נאָמען ג י ד ע ו ן (גידוין). די מ ד י נ י ם האָבן געטויט צוויי פון זײַנע ברידער, איז ער געווען ניער אין כ ע ס אויף זײ.

אײנמאָל איז צו ג י ד ע ו נ ע ן געקומען אַ מאַן און געזאָגט: „גײ און העלף די ב נ י ־ י ש ר א ל פון די הענט פון מ ד י ן".

האָט ג י ד ע ו ן צונויפגערופן די פאַרשײדענע ש ב ט י ם פון י ש ר א ל און איז אַוועק מיט זײ קעמפן קעגן די מ ד י נ י ם.

אויפן וועג האָט ג י ד ע ו ן געזאָגט צו זײַן ח י ל (כאַיל): „ווער ער שרעקט זיך, זאָל זיך אומקערן אַהײם". זײַנען אַ ס ך אַוועק, און די, וואָס זײַנען פאַרבליבן, האָט ג י ד ע ו ן יעדן אײנעם געגעבן אין האַנט אַ האָרן, אַ לײ־

דיקן קרוג און אַ פּאַקעל. און ער האָט זיי געזאָגט: „קוקט אויף מיר און טוט דאָס, וואָס איך וועל טאָן".
אין מיטן נאַכט האָט גידעון אַוועקגעפירט די מענטשן וואָס מיט אים צום לאַגער פון די מדינים. ער האָט געבלאָזן אין האָרן און צעבראָכן זיין קרוג. האָבן אַלע אַנדערע מענטשן זיינע אויך געבלאָזן אין זייערע הערנער און צעבראָכן די קרוגן און אומגעפאָכעט מיט די פּאַקעלן.
האָבן די מדינים זיך אויפגעכאַפּט און געמיינט, אַז אַ גרויסע אַרמיי איז אָנגעפאַלן אויף זיי. האָבן זיי זיך דערשראָקן און זיינען אַנטלאָפן. און אויפן וועג האָבן זיי איינע די אַנדערע געשלאָגן און צעטראָטן, און דער גאַנצער לאַגער פון די מדינים איז אַריינגעפאַלן צו גידעונען אין האַנט.
האָט גידעון מיט זיינע מענטשן נאָכגעיאָגט די מדינים און זיי געשלאָגן. און אַז די אַנדערע פון די בני־ישראל האָבן דערזען, אַז די מדינים אַנטלויפן, האָבן זיי אויך נאָכגעיאָגט זייערע פיינט און זיי צעשלאָגן אַזוי, אַז יענע זיינען שוין מער קיינמאָל ניט אָנגעפאַלן אויף די בני־ישראל.
דעמאָלט האָבן די בני־ישראל געזאָגט צו גידעונען: „ווער אונדזער קעניג, ווייל דו האָסט אונדז געהאָלפן פון דער האַנט פון מדין".
האָט זיי גידעון געזאָגט: „איך וועל ניט ווערן אייער קעניג; איר דאַרפט ניט קיין קעניג. נאָר איין זאַך וועל איך ביי אייך יאָ בעטן: גיט מיר יעדער איינער פון אייך אַ גאָלדענעם נאָזבאַנד פון די, וואָס איר האָט אָפּגענומען ביי די מדינים".
האָט מען פאַרשפּרייט אַ מאַנטל, און יעדער איינער פון די בני־ישראל האָט אַריינגעוואָרפן אַהין אַ

נאָזבאַנד. האָט גידעון גענומען די אַלע גאָלדענע זאַכן, איבערגעשמאָלצן און געמאַכט דערפון אַ סטאַטוע פון יאַהאַווע. פלעגן די בני־ישראל קומען אין גידעונס הויז דינען צו יאַהאווען. איז גידעון זייער רייך געוואָרן.

פאַרשיידענע—various. חיל—army. ליידיק—empty. פאַקעל—torch. זיך אויפגעכאַפט—awoke. געמיינט—thought. לאַגער—camp. נאָזבאַנד—nose ring. איבערגעשמאָלצן—smelted. פאַרשפּרייט—spread out.

# שימשון.

מיט דער צייט האָט אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף די בני־ישראל אַן אַנדער פאָלק, די פלשתים. זיי האָבן געוואוינט ביים ברעג פון ים; האָבן געהאַט גרויסע שטעט, גוטע געווער פון בראָנז און פון אייזן. זיי זיינען געווען שטאַרק און האָבן אָנגעהויבן צו דריקן די בני־ישראל, און די לעצטע האָבן געדאַרפט קעמפן קעגן די פלשתים אַ סך יאָרן.

אַמאָל איז ביי איינעם פון די בני־ישראל, מאָנויאַך, געבוירן געוואָרן אַ יינגל, שימשון. און ווייל ער האָט פריער אַ לאַנגע צייט קיין קינדער ניט געהאַט, האָט ער דערקלערט שימשונען פאַר אַן אָפּגעזונדערטן, ד. ה. אַזאַ, וואָס זאָל זיין אַנדערש פון אַנדערע: ער זאָל ניט טרינקען קיין וויין און ניט שערן זיינע האָר.

דער יינגל איז געוואַקסן און איז געוואָרן זייער שטאַרק. האָט ער זיך אָנגעהויבן צו טשעפּען מיט די פלשתים, ווי ער וואָלט געוואָלט נעמען נקמה פון זיי דערפאַר, וואָס זיי פאַלן אָן אויף די בני־ישראל.

איינמאָל האָט ש מ ש ו ן דערזען אין אַ דאָרף פון די פ ל י ש ת י ם אַ מיידל. איז זי אים געפעלן געוואָרן, האָט ער געזאָגט זיין טאַטן, אַז ער וויל ח ת ו נ ה האָבן מיט איר.

האָט זיין טאַטע אים געפרעגט: „זיינען דען ניטאָ קיין מיידלעך ביי די ב נ י - י ש ר א ל, וואָס דו ווילסט ד ו ק א ח ת ו נ ה האָבן מיט אַ פ ל י ש ת י ש ע ר מיידל?"

אָבער ש י מ ש ו ן איז באַשטאַנען. האָט זיין פאָטער גענומען אַ שפּעלע און איז אַוועק מיט ש מ ש ו נ ע ן אין דער פ ל י ש ת י ש ע ר דאָרף. ער האָט געגעבן דאָס שפּעלע דעם טאַטן פון דער מיידל, און מ׳האָט אָפּגע־רעדט, אַז אין אַ מאָנאַט אַרום זאָל ש י מ ש ו ן קומען און ח ת ו נ ה האָבן מיט דער מיידל.

אין אַ מאָנאַט אַרום איז ש מ ש ו ן געגאַנגען ח ת ו נ ה האָבן. אויפן וועג האָט ער דערזען, אַז אין דעם קערפּער פון אַ טויטן לייב, וואָס ער האָט אַמאָל ד ע ר ה ר ג ע ט, האָבן זיך פאַרפירט בינען. האָט ער גענומען פון דעם האָניק און געגעסן.

ווען ש י מ ש ו ן איז געקומען צו זיין כ ל ה, האָט ער געמאַכט אַ מאָלצייט פאַר די מענטשן פון דאָרף. און דרייסיק יונגע פ ל י ש ת י ם זיינען געווען מיט ש י מ ש ו נ ע ן.

האָט ש י מ ש ו ן געזאָגט צו די יונגע פ ל י ש ת י ם: „איך וועל ביי אייך פרעגן אַ רעטעניש. ווען איר זי טרעפן אין זיבן טעג, וועל איך יעדן איינעם פון אייך געבן אַ פּאָר קליידער. ווען איר אָבער ניט טרעפן, ווען יעדער איינער פון אייך מיר דאַרפן געבן אַ פּאָר קליידער".

האָבן די יונגע פ ל י ש ת י ם צוגעשטימט.

האָט זיי ש י מ ש ו ן געזאָגט: „וואָס איז דאָס: פון

אַן עסער איז אַרויס אַן עסנזאַך, און פון אַ שטאַרקן איז אַרויס אַ זיסע זאַך?"



שמשון צערײַסט דעם לייב.

האָבן די יונגע פּלישתּים געטראַכט און געטראַכט און ניט געקענט טרעפן. האָבן זיי געזאָגט צו דער כּלה: „געפין אויס ביי שמשונען דעם ענטפער; אַז ניט, וועלן מיר דיך מיט דיין גאַנצער משפּחה דער־הרגענען".

האָט שמשונס ווייב געפרעגט ביי שמשונען דעם ענטפער. ער האָט איר לאַנג ניט געזאָגט. אָבער זי האָט אים אַלץ מער דערעסן, האָט ער איר אויסגעזאָגט. און זי איז גלייך געגאַנגען און עס איבערגעגעבן די פּלישתּים.

אַז די זיבן טעג זײַנען פאַרבײַ, האָבן די פּלישתּים געזאָגט שימשונען: „וואָס איז דען שטאַרקער פון אַ לײַב און וואָס איז דען זיסער פון האָניק?"

האָט זי שימשון געזאָגט: „ווען איר וואָלט ניט געווירקט אויף מײַן ווײַב, וואָלט איר דעם ענטפער ניט געוואוסט".

איז שימשון אין כּעס געוואָרן. איז ער געגאַנגען, דערהרגעט דרײַסיק פּלישתּים, אַראָפּגענומען פון זיי זייערע קליידער און געבראַכט צו די יונגע פּלישתּים, וואָס האָבן געטראָפן די רעטעניש.

און פון דעמאָלט אָן האָט שימשון אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף די פּלישתּים און זיי שלאָגן. די פּלישתּים האָבן אים געהאַלטן פאַר זייער ערגסטן פײַנט און געוואָלט פון אים פּטור ווערן.

געווער—arms. דריקן—to oppress. נקמה—revenge. כלה—bride.
זיך טשעפּען—to pick a quarrel. פּטור ווערן—to get rid of.
חתונה האָבן—to marry. באַשטאַנען—insisted. רעטעניש—riddle.
טרעפן—to guess, to solve. איבערגעגעבן—told. ווירקן—
to influence. ערגסטן—worst. פײַנט—enemy.

## שימשונס טויט.

אײַנמאָל האָט שימשון חתונה געהאַט מיט אַ צווייטער פּלישתּישער פרוי, דלילה (דלילע).

האָבן די האַרן פון די פּלישתּים געזאָגט צו דלילהן: „זע, געפין אויס, אין וואָס עס ליגט די גרויסע קראַפט פון שימשונען, וועט יעדער אײנער פון אונדז דיר געבן טויזנט טאָלער".

האָט ד ל י ל ה פּרובירט אויסגעפינען בײַ ש י מ ש ו נ ע ן, אין וואָס עס ליגט זײַן קראַפט. אַ סך מאָל האָט ער איר ניט געזאָגט דעם אמת. אָבער זי האָט אָנגעהויבן אים דאַקוטשען און זאָגן אים, אַז ער האָט זי ניט ליב. האָט איר אײַנמאָל ש י מ ש ו ן געזאָגט: „מײַן קראַפט ליגט אין מײַנע האָר. ווען מ'זאָל מיר אָפּשערן מײַנע לאַנגע האָר, וועל איך פאַרלירן מײַן קראַפט".

האָט ד ל י ל ה אײַנגעשלעפערט ש י מ ש ו נ ע ן, גערופן אַ שערער, און יענער האָט אָפּגעשאָרן ש י מ ש ו נ ע ן זײַנע זיבן לאַנגע צעפּ.

און ד ל י ל ה האָט גערופן די האַרן פון די פּ ל י ש ת י ם, און זיי האָבן געבראַכט מיט זיך דאָס געלט, וואָס זיי האָבן פאַרשפּראָכן געבן ד ל י ל ה ן. ווען ד ל י ל ה האָט אויסגערופן: „ש י מ ש ו ן, די פּ ל י ש ת י ם זײַנען דאָ!" האָט ש י מ ש ו ן זיך אויפגעכאַפּט און געוואָלט שטעלן זיך אַנטקעגן, אָבער זײַנע כּ ו ח ו ת האָבן אים פאַרלאָזן.

האָבן די פּ ל י ש ת י ם געכאַפּט ש י מ ש ו נ ע ן, געשמידט אים אין קייטן און אויסגעשטאָכן אים די אויגן.

דערנאָך האָבן זיי אים געבראַכט אין אַ טורמע, וואו ער האָט געדאַרפט דרייען די שטיינער פון אַ מיל.

אײַנמאָל איז בײַ די פּ ל י ש ת י ם געווען אַ י ו ם - ט ו ב, האָט זיך אַ גרויסער ע ו ל ם זייערער פאַרזאַמלט אין אַ טעמפּל. האָבן די האַרן פון די פּ ל י ש ת י ם געהייסן ברענגען ש י מ ש ו נ ע ן, ער זאָל פריילעך מאַכן דעם ע ו ל ם. מ'האָט אַוועקגעשטעלט ש י מ ש ו נ ע ן בײַ די זײַלן, אויף וועלכע דער טעמפּל איז געווען אָנגעשפּאַרט, ער זאָל דאָרט מאַכן זײַנע קונצן.

און בײַ ש י מ ש ו נ ע ן האָבן אָנגעהויבן אָפּוואַקסן די האָר, און ער האָט צוריק באַקומען אַ ביסל פון זײַן פריער-

דיקן כוח. האָט שימשון געזאָגט: „איך וועל איצט נקמה נעמען פון די פלישתים פאַר איינס פון מיינע אויגן”. און ער האָט מיט אַלע כוחות זיך אָנגעשפּאַרט אויף די זיילן פון טעמפּל, זיי צעבראָכן און אומגעוואָרפן.

איז אומגעפאַלן דער גאַנצער טעמפּל אויף די פלישתים, און אַ סך פון זיי, וואָס זיינען געווען אין טעמפּל, זיינען דערהרגעט געוואָרן. אָבער מיט זיי צוזאַמען איז אויך דערהרגעט געוואָרן דער גיבור (גיבער) שימשון.

האַרן—lords. קראַפט—strength, power. דאָקוטשען—to annoy.
פאַרלירן—to lose. איינגעשלעפערט—put to sleep. גיבור—hero.
כוחות—strength. געשמידט אין קייטן—chained. פריילעך—happy.
פאַרזאַמלט—gathered. אָנגעשפּאַרט—leaned.

# עלי און שמואל.

ווען די בני־ישראל זיינען אַריינגעקומען פון מדבר אין דעם לאַנד כנען, האָבן זיי געבראַכט מיט זיך דעם היליקן אָרון פון יאַהוועה. זיי האָבן אַוועקגעשטעלט דעם אָרון אין דער שטאָט שילה. דאָרטן האָבן זיי אויפגעבויט פאַר אים אַ שיין געצעלט. און ביים געצעלט איז געווען אַ מזבח (מיזבייאַך), אויף וועלכן מ׳פלעגט ברענגען מתנות אָדער קרבנות (קאָרבאָנעם) צו יאַהאַוועה. ביים היליקן געצעלט איז אַלעמאָל געווען אַ כוהן (קויהען) אָדער עטלעכע כוהנים, וואָס האָבן געבראַכט די קרבנות און געהיט דאָס געצעלט.

איינמאָל איז אין שילה דער כוהן געווען אַ מאַן מיטן נאָמען עלי (איילי), אַ פרומער און ערלעכער

מענטש. ער איז אויך געווען דער ריכטער און פלעגט משפטן די בני־ישראל. אין זײַן צײַט פלעגן די בני־ישראל פון אַלע שבטים קומען אין דעם הײליקן טעמפּל אין שילה אויף די ימים־טובים.

ווען עלי איז געוואָרן אַלט, האָט ער באַשטימט זײַנע צוויי זין פאַר כּוהנים צו טאָן די אַרבעט אין הײליקן געצעלט. אָבער זײַנע זין זײַנען ניט געגאַנגען אין זײַנע וועגן. זיי זײַנען ניט געווען ערלעך; זיי זײַנען זיך באַגאַנגען שלעכט מיט די, וואָס זײַנען געקומען ברענגען אַ קרבן. זיי פלעגן נעמען פאַר זיך פון יעדן קרבן מער, ווי עס האָט זיי געקומט. און די פרויען, וואָס פלעגן קומען און ברענגען אַ קרבן, פלעגן זיי אָפּט באַליידיקן. זײַנען די בני־ישראל געווען שטאַרק אומצופרידן מיט עלים זין.

בײַ עלין אין הײליקן געצעלט איז געווען אַ ייִנגל, וואָס האָט אים באַדינט. זײַן נאָמען איז געווען שמואל.

שמואלס מאַמע האָט אַ לאַנגע צײַט קיין קינדער ניט געהאַט. האָט זי געגעבן אַ וואָרט, אַז אויב זי וועט געבוירן אַ קינד, אַ ייִנגל, וועט זי אים אָפּגעבן אין יאַהאַוועס געצעלט צו באַדינען דעם כּוהן. און ווען זי האָט געהאַט שמואלן, האָט זי אים אויפגעהאָדעוועט און דערנאָך געבראַכט אין יאַהאַוועס געצעלט צום כּוהן. שמואל האָט זיך באַצויגן זייער גוט צו אַלע מענטשן, און אַלע האָבן אים ליב געהאַט.

שמואל האָט געזען, ווי שלעכט און מיאוס עלים זין פירן זיך אויף. ער האָט אויך געזען, אַז דאָס רופט אַרויס דעם צאָרן בײַ די באַזוכער פון דעם הײליקן געצעלט. האָט ער שטענדיק געטראַכט וועגן דעם.

אײנמאָל בײַ נאַכט, ווען שמואל איז געלעגן אויף זײַן בעטל אין אַ זײַטיק צימערל אין הײליקן געצעלט, האָט זיך

אים געדוכט, ווי ער הערט די שטימע פון יאַהאַווען : „דער־
פאַר וואָס ע ל י ס זין טוען שלעכטס, וועט קומען אַן אומ־
גליק אויף זיי, און אויך אויף דעם גאַנצן הייליקן געצעלט".
פון דעמאָלט אָן פלעגט זיך ש מ ו א ל ן אָפטער
דוכטן, אַז יאַהאַווע רעדט צו אים. און אַז די ב נ י־י ש ר א ל
האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, פלעגן זיי קומען צו אים
פרעגן ביי אים אַן ע צ ה און אויך מ ש פ ט ן זיך.

מזבח—altar. קרבנות—sacrifices. ימים־טובים—holidays.
ערלעך—honest. באַליידיקן—to offend, to insult. מיאוס—ugly.
אויפגעהאָדעוועט—brought up. צאָרן—anger. באַזוכער—visitors.
זיך געדוכט—seemed. אומגליק—misfortune. עצה—advice.
מחנה—camp.



חנה ברענגט שמואלן צו עלין.

# דער אָרון ווערט געפאַנגען.

איינמאָל זיינען די פּלשתּים אָנגעפאַלן אויף די בני־ישראל און זיי צעשלאָגן.

האָבן די בני־ישראל געזאָגט: „לאָמיר נעמען מיט אונדז דעם הייליקן אָרון, ווען מיר וועלן אַ צווייט מאָל גיין קעמפן מיט די פּלשתּים, וועט אונדז יאַ־ האַווע העלפן און מיר וועלן באַזיגן די פּלשתּים.”

און אַז די פּלשתּים זיינען ווידער געקומען פירן מלחמה, האָבן די עלטסטע פון די בני־ישראל גע־ שיקט אין שילה נאָכן אָרון. האָבן עלים צוויי זין גענומען דעם אָרון און געבראַכט אים אויפן שלאַכט־ פעלד.

ווען די פּלשתּים האָבן זיך דערוואוסט, אַז די בני־ישראל האָבן מיט זיך געבראַכט זייער הייליקן אָרון, האָבן זיי זיך דערשראָקן און געזאָגט:

— דער גאָט פון די בני־ישראל איז מיט זיי אין דער מחנה (מאַכנע). אויב מיר וועלן זיך ניט אָננעמען מיט מוט און קעמפן מיט אַלע קרעפטן, זיינען מיר פאַר־ לאָרן; וועלן די בני־ישראל אונדז באַזיגן, און מיר וועלן דאַרפן ווערן זייערע קנעכט.

האָבן די פּלשתּים טאַקע אָנגענומען זיך מיט מוט און געקעמפט מיט אַלע קרעפטן קעגן די בני־ישראל און זיי צעשלאָגן. און דעם אָרון האָבן זיי געפאַנגען און אַוועקגעפירט מיט זיך. ביידע זין עלים זיינען אויך געפאַלן אין שלאַכט.

ווען מ'האָט עלין דערציילט, אַז דער אָרון איז געפאַנגען געוואָרן, איז ער אַראָפּגעפאַלן פון שטול און איז געשטאָרבן.

די פּ ל י ש ת י ם האָבן אַװעקגעשטעלט דעם אָ ר ו ן אין דעם טעמפּל פֿון זײער אַ גאָט. אינגיכן אָבער האָט בײַ זײ אויסגעבראָכן אַ שװערע אָנשטעקנדיקע קראַנק־הײַט. האָבן די פּריסטער פֿון די פּ ל י ש ת י ם, װאָס זײַנען געװען ניט צופֿרידן, װאָס מ׳האָט זײ געבראַכט אַ פֿרעמדן גאָט, געזאָגט:

„די קראַנקהײַט איז צוליב דעם, װאָס מ׳האָט געבראַכט אַהער דעם הײליקן אָ ר ו ן פֿון די ב נ י ־ י ש ר א ל. מען דאַרף דערפֿאַר אַרױפֿשטעלן דעם אָ ר ו ן אויף אַ נײַעם װאָגן און געבן אים מיט זיך גאָלדענע מ ת נ ו ת און אָפּ־שיקן אים צוריק צו די ב נ י ־ י ש ר א ל״.

האָבן די האַרן פֿון די פּ ל י ש ת י ם אַזױ געטאָן.

װען דער אָ ר ו ן איז אָנגעקומען אין די פֿעלדער פֿון די ב נ י ־ י ש ר א ל, האָבן זיך יענע זײער שטאַרק דער־פֿרײט מיט אים און געטאַנצט אַרום אים און אים אָנגע־רירט. זײַנען אײניקע פֿון די, װאָס האָבן אָנגערירט דעם אָ ר ו ן, קראַנק געװאָרן. האָבן זיך די איבעריקע דער־שראָקן, איבערגעלאָזן דעם אָ ר ו ן און זײַנען אַװעק.

אין אַ ביסל צײַט אַרום זײַנען די ב נ י ־ י ש ר א ל פֿון אַ דערבײַאיקן דאָרף געקומען און צוגענומען דעם אָ ר ו ן צו זיך און אַװעקגעשטעלט אים אין אַ געצעלט. און די ב נ י ־ י ש ר א ל האָבן אָנגעהױבן קומען אַהין און ברענ־גען מיט זיך מ ת נ ו ת.

אויסגעבראָכן—broke out. אָנשטעקנדיק—contageous. געפֿאַנגען—captured. זיך דערפֿרײט—rejoiced. דערבײַאיק—near.

# שמואל באַשטימט שאולן פאַר קעניג פון די בני־ישראל.

נאָך עלים טויט איז שמואל ביסלעכווײַז געוואָרן דער ריכטער בײַ די בני־ישראל. ער פלעגט גייִן פון אָרט צו אָרט. און ווען עס פלעגט זײַן אַ סכסוך (סיכסעך) צווישן צוויי פון די בני־ישראל, פלעגן זיי קומען צו שמואלן.

און שמואל איז געווען זייער ערלעך. ער האָט ניט גענומען קיין אונטערקויף־געלט, און האָט ניט גענומען באַצאָלט פאַר זײַן אַרבעט.

פון צײַט צו צײַט פלעגט שמואל אויך פירן די בני־ישראל אין קאַמף מיט די פלשתים.

ווען שמואל איז אַלט געוואָרן, האָט ער באַשטימט זײַנע צוויי זין צו זײַן ריכטער בײַ די בני־ישראל. אָבער די זין זײַנען זײַנע שוין ניט געווען ערלעך, און די יידן האָבן זיי ניט ליב געהאַט.

זײַנען די עלטסטע פון די בני־ישראל געקומען צו שמואלן און אים געזאָגט: דו ביסט שוין אַלט און דײַנע זין גייען ניט אין דײַנע וועגן. מיר ווילן דערפאַר, דו זאָלסט אונדז באַשטימען אַ קעניג, וואָס זאָל אונדז משפטן און פירן אונדזערע מלחמות.

האָט שמואל פרובירט אָפּרעדן די בני־ישראל. ער האָט זיי געזאָגט: „אַ קעניג וועט צונעמען אײַערע זין פאַר סאָלדאַטן און אײַערע טעכטער פאַר דינסטן. ער וועט צונעמען אײַערע בעסטע פעלדער און גערטנער און וועט אַרויפלייגן אויף אײַך הויכע שטײַערן. צוליב וואָס דאַרפט איר אַ קעניג?"

אָבער די עלטסטע פון די ב נ י ־ י ש ר א ל זײַנען באַשטאַנען: זײ װילן ד ו ו ק א אַ קעניג. זײ װילן זײַן װי די אַנדערע פעלקער. האָט ש מ ו א ל פאַר זײ אױס־געזוכט אַ קעניג.

אינם קלענסטן פון די ש ב ט י ם פון די ב נ י ־ י ש ר א ל — ב נ י מ י ן, איז געװען זײער אַ פײַנער און שטאַרקער מאַן — ש א ו ל (שאָאול). איז אָט דער מאַן גע־פעלן געװאָרן ש מ ו א ל ן.

אײנמאָל זײַנען בײַ ש א ו ל ס פאָטער פאַרלאָרן גע־װאָרן זײַנע אײזלטעס. איז ש א ו ל געגאַנגען זײ זוכן. אױפן װעג איז ער פאַרגאַנגען צו ש מ ו א ל ן פרעגן, א פ ש ר װײס ער, װאו די אײזלטעס זײַנען.

האָט ש מ ו א ל אַרײַנגערופן ש א ו ל ן צו זיך, דורכ־גערעדט זיך מיט אים און אים געזאָגט, אַז ער װיל אים באַ־שטימען פאַר קעניג פון די ב נ י ־ י ש ר א ל. ער האָט אַרױסגענומען אַ קריגעלע בױמל, אַרױפגעגאָסן ש א ו ל ן אױפן קאָפּ, אַ קוש געטאָן אים און געזאָגט: „דערמיט װערסטו געזאַלבט פאַר אַ קעניג איבער די ב נ י ־ י ש ר א ל".

װען ש א ו ל איז אַװעק פון ש מ ו א ל ן האָט ער זיך דערפילט גאָר װי אַן אַנדער מענטש.

און ש מ ו א ל האָט צונױפגערופן די עלטסטע פון פאָלק און זײ געזאָגט: „איך האָב פאַר אײַך אַ קעניג. דאָס איז ש א ו ל פון ש ב ט ב נ י מ י ן".

האָט מען אױפגעזוכט ש א ו ל ן און געבראַכט פאַרן פאָלק. און ער איז געװען מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלעמען.

האָט דאָס פאָלק אויסגערופן: „זאָל לעבן דער קעניג!“



שמואל שטעלט פאָר שאולן פאַר די בני־ישראל.

און שמואל האָט דערציילט דעם פאָלק, וואָס עס זיינען די רעכט פון דעם קעניג, און ער האָט דאָס פאָלק אַוועקגעשיקט אַהיים.

עס האָבן זיך אָבער געפונען יידן, וואָס האָבן געזאָגט:

„ווער איז דען ש א ו ל ? ער שטאַמט פון אַזאַ קלײנעם ש ב ט. וואָס וועט ער אונדז העלפן ?" און זײ זײַנען אַוועק און ש א ו ל ן קיין מ ת נ ו ת ניט געגעבן.

אין אַ קורצער צײַט אַרום אָבער האָט ש א ו ל צונויפֿגענומען די ב נ י - י ש ר א ל און באַפֿרײַט אַ ייִדישע שטאָט, אויף וועלכער דער קעניג פון דעם דערבײַיִקן פֿאָלק איז אָנגעפֿאַלן. דאָס האָט שטאַרק דערהויבן ש א ו ל ן אין די אויגן פון פֿאָלק און אַלע האָבן אים אָנגענומען פֿאַר זײער קעניג.

סיכסוך—quarrel. אונטערקויף—bribe. באַצאָלט—paid. באַשטימען—to appoint. פּרובירט—tried. אָפּרעדן—to dissuade. שטײַערן—taxes. אײזלטעס—donkeys. שטאַמט—comes from. געזאַלבט—anointed.

## פ ר אַ ג ע ס :

פון וועמען האָבן ד ב ו ר ה און ב ר ק באַפֿרײַט די ב נ י - י ש ר א ל ?

וואָס פֿאַר אַ באַלוינונג האָט ג ד ע ו ן געבעטן ?

פֿאַרוואָס האָט ש מ ש ו ן ד ו ו ק א געוואָלט ח ת ו נ ה האָבן מיט אַ פ ל י ש ת י ש ע ר מײדל ?

ווי אַזוי האָבן די פ ל י ש ת י ם געטראָפֿן ש מ ש ו נ ס רעטעניש ?

ווי אַזוי האָבן די פ ל י ש ת י ם בײַגעקומען ש מ ש ו נ ע ן ?

ווי האָט ש מ ש ו ן נ ק מ ה גענומען פון די פ ל י ש ת י ם ?

ווי אַזוי איז ש מ ו א ל געוואָרן אַ נ ב י א ?

פֿאַרוואָס האָט ש מ ו א ל געהאַט אַזאַ שלעכטע נ ב ו א ה וועגן ע ל י ס זין ?

צוליב וואָס האָט מען געבראַכט דעם אָ ר ו ן אויף דעם שלאַכטפֿעלד ?

וואָס האָט געטראָפֿן מיטן אָ ר ו ן ?

פֿאַרוואָס האָבן די ב נ י - י ש ר א ל געבעטן, ש מ ו א ל זאָל באַשטימען פֿאַר זײ אַ קעניג ?

פֿאַרוואָס האָט ש מ ו א ל באַשטימט ש א ו ל ן פֿאַרן קעניג ?

# די קעניגן.

## שאול קעמפט מיט די פלישתים.

שאול האָט אויסגעקליבן פון די בני־ישראל דריי טויזנט מאַן, געזונטע, שטאַרקע, און זיי זיינען אַלע־מאָל געווען מיט אים. און ער האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פירן אַ קאַמף מיט די פלישתים.

שאולס עלטסטער זון, יונתן, האָט געטויט דעם אויפפאַסער, וואָס די פלישתים האָבן געהאַט אין איינער פון די יידישע שטעט. ווען די בני־ישראל האָבן דערהערט, אַז שאול האָט געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן די פלישתים, זיינען זיי פון אַלע זייטן געקומען צו אים. און די פלישתים האָבן צונויפגעקליבן אַ גרויסע אַרמיי צו קעמפן מיט די בני־ישראל.

איין טאָג האָט יונתן מיט זיין געווער־טרעגער זיך צוגעגנבעט צו דעם לאַגער פון די פלישתים און זיי אָנגעהויבן שלאָגן. די פלישתים האָבן געמיינט, אַז דאָס זיינען אַלע יידן אָנגעפאַלן אויף זיי, האָבן זיי זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן לויפן.

אַז שאול האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט ער געהייסן די אַלע, וואָס זיינען געווען מיט אים, זיי זאָלן אָנפאַלן אויף די פלישתים און זיי נאָכיאָגן.

האָבן די בני־ישראל יענעם טאָג גוט צעשלאָגן די פלישתים. אָבער די פלישתים זיינען געווען אַ שטאַרק פאָלק, און די גאַנצע צייט פון שאולס קעניגן האָט ער מיט זיי געפירט קריג.

געווער־טרעגער—arms bearer. אויסגעקליבן—chose.

# שמואל צעקריגט זיך מיט שאולן.

איינמאל איז ש מ ו א ל געקומען צו ש א ו ל ן און אים געזאָגט:

— ווען די ב נ י ־ י ש ר א ל זיינען אַרויס פון מ צ ר י ם, איז דאָס פאָלק פון די ע מ ל ק י ם (אמאַליייקים) געווען דאָס ערשטע אָנצופאַלן אויף זיי. און פון דעמאָלט אָן זיינען זיי פאַרבליבן פיינט פון די ב נ י ־ י ש ר א ל. גיי דערפאַר איצט און צעשלאָג די ע מ ל ק י ם. זאָלסט פון זיי קיינעם ניט איבערלאָזן. און אַפילו זייערע שאָף און רינדער זאָלסטו ניט איבערלאָזן און ניט נעמען קיינזאַך, וואָס באַלאַנגט צו זיי.

האָט ש א ו ל צונויפגערופן די ב נ י ־ י ש ר א ל, איז אַוועק און צעשלאָגן די ע מ ל ק י ם און זיי אַלעמען אויסגעה ר ג עט. נאָר דעם קעניג זייערן, אַ ג ג ן (אַגאַגן), האָט ער איבערגעלאָזן; און אויך די בעסטע שעפסן זייערע און אַנדערע טייערע זאַכן האָט ער ניט פאַרוויסט, נאָר גענומען מיט זיך.

ווען ש א ו ל האָט זיך אומגעקערט פונם קריג מיט די ע מ ל ק י ם, איז צו אים געקומען ש מ ו א ל.

זאָגט ש א ו ל צו ש מ ו א ל ן: „איך האָב געטאָן, אַזוי ווי דו האָסט מיר געהייסן".

פרעגט אים ש מ ו א ל: „און וואָס הער איך פאַר אַ בלעקען פון שעפסן?"

זאָגט אים ש א ו ל: „דאָס האָט דאָס פאָלק גענומען, כ ד י צו ברענגען ק ר ב נ ו ת צו יאַהאַווען. אויך דעם קעניג פון ע מ ל ק האָב איך געבראַכט אַ לעבעדיקן. אָבער דאָס גאַנצע פאָלק פון ע מ ל ק האָב איך אויסגעה ר ג עט".

האָט ש מ ו א ל געזאָגט: „דו האָסט זיך באַנאַרישט. דו האָסט ניט געפאָלגט, וואָס איך האָב דיר געהייסן. דו פּאַסט ניט צו זיין דער קעניג פון די ב נ י ־ י ש ר א ל".

איז ש מ ו א ל אַוועק אַ צאָרנדיקער, און פון דעמאָלט אָן האָט ער מער ש א ו ל ן ניט געזען.

זיך באַנאַרישט—פאַרוויסט destroyed. בלעקען—to bleat. זיך באַנאַרישט—acted fulishly. פּאַסט נישט—you are not fit. איבערגעלאָזט—left.

# דוד שפּילט פאַר שאולן.

ש מ ו א ל ס צאָרן האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף ש א ו ל ן. ער איז געוואָרן אומעטיק, און פון צייט צו צייט פלעגט ער האָבן שלעכטע זעאונגען.

האָבן ש א ו ל ס דינער אים געראָטן: „זאָל מען געפינען אַ מאַן, וואָס שפּילט גוט אויף דער האַרפּע. און ווען דיר וועט ווערן אומעטיק, וועט ער שפּילן פאַר דיר, וועט דיר ווערן בעסער".

איז דאָס ש א ו ל ן געפעלן געוואָרן.

האָט מען געזוכט און מ'האָט געפונען אַ יונגן ב ח ו ר, ד ו ד ן, פונם ש ב ט י ה ו ד ה (יעהודאָ). ד ו ד האָט געפּאַשעט זיין טאַטנס שעפּסן און האָט אויך זייער גוט געשפּילט אויף דער האַרפּע.

האָט מען געבראַכט ד ו ד ן, און ער האָט געשפּילט פאַר ש א ו ל ן.

איז ד ו ד געפעלן געוואָרן ש א ו ל ן, און ש א ו ל האָט אים איבערגעלאָזט ביי זיך.

פלעגט ד ו ד אַ צייט פאַרברענגען ביי ש א ו ל ן, און אויף אַ צייט פלעגט ער זיך אומקערן אַהיים צו פּיטערן זיין פאָטערס שאָף. און אַז ש א ו ל ן פלעגט ווערן אומע־

טיק, פלעגט דוד קומען און שפּילן פאַר אים אויף דער האַרפע. פלעגט שאולן פרײלעכער װערן, און עס פלעגט אַװעק פון אים זײַן שװער געמיט.

זעאונגען—hallucinations. געפעלן געװאָרן—pleased. האַרפּע—harp. געפּאַשעט—watched, tended. שװער געמיט—melancholy.

# דוד באַזיגט גליתן.

אײנמאָל זײַנען די פּלישתים מיט אַ גרױסער אַרמײ אַרױס קעגן די בני־ישׂראל, און שאול האָט צונױפגעקליבן די בני־ישׂראל און איז אַרױסגעטראָטן קעגן די פּלישתים.

זײַנען בײדע אַרמײען געשטאַנען אײנע אַנטקעגן דער אַנדערער און מורא געהאַט אָנצוהײבן דעם קאַמף.

איז אַרױסגעטראָטן אײנער פון די פּלישתים — אַ ריזיקער מאַן מיטן נאָמען גלית (גאָליעם). ער האָט געטראָגן אַ פּאַנצער און אַ היטל פון קופּער, און זײַן אײַזערנע שװערד האָט געװאױגן זעקס הונדערט פונט. ער האָט זיך אַװעקגעשטעלט און געזאָגט:

— צוליב װאָס גײַן אויף מלחמה? אָט בין איך אײנער. גיט אויך אײנעם פון אײַך, און מיר װעלן זיך שלאָגן צװישן זיך. װעל איך אים באַזיגן, װעט איר זײַן אונדזערע קנעכט. און װעט ער מיך באַזיגן, װעלן מיר זײַן אײַערע קנעכט.

האָבן זיך די בני־ישׂראל דערשראָקן.

האָט שאול געלאָזט אױסרופן און פרעגן, צי איז פאַראַן װער עס איז פון די בני־ישׂראל, װאָס װאָלט געװאָלט גײַן שלאָגן זיך מיט דעם פּלישתּי. אָבער קײנער האָט זיך ניט אָפּגערופן.

גראָד דעמאָלט איז געקומען אינם לאַגער פון די בני־ישראל דער בחור דוד. ער איז געקומען ברענגען עסן זײַנע דרײַ ברידער, וואָס זײַנען געווען אין דער אַרמײ פון ישראל. ווען דוד האָט געזען, ווי גלית קומט אַרויס און באַרימט זיך און לאַכט אָפּ פון די בני־ישראל, האָט דאָס אים פאַרדראָסן. ער איז אַוועק צו שאולן און אים געזאָגט, אַז ער וועט גײן שלאָגן זיך מיטן פּלישתי.

האָט אים שאול געזאָגט: „דאָס איז ניט פאַר דיר. דו ביסט נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, און ער איז שוין אַ דער־פאַרענער מלחמה־מענטש“.

זאָגט דוד: „דו ווײסט, קעניג, איך בין אַ פּאַסטוך. איז אײנמאָל צו אונדזער סטאַדע געקומען אַ לײב און גע־כאַפּט אַ שעפּסעלע. האָב איך אים נאָכגעיאָגט, געשלאָגן אים און געטויט. איז אויב איך האָב בײַגעקומען אַ לײב, וועל איך אויך קענען בײַקומען אָט דעם מיאוסן פּלישתי, וואָס האָט געזידלט אונדזער פאָלק“.

האָט שאול געזאָגט: „גײ און זאָל דיר באַגליקן“.

האָט דוד גענומען זײַן וואַרף־שטעקל, אָנגעקליבן פינף גלאַטע שטײנדלעך און איז אַוועק אַנטקעגן גליתן.

ווען גלית האָט דערזען דודן, האָט ער זיך אויס־געלאַכט פון אים: „וואָס, איך בין אַ הונט, וואָס דו גײסט אַנטקעגן מיר מיט אַ שטעקן?“

אָבער דודן האָט ניט געאַרט, וואָס דער פּלישתי רעדט. ער איז צוגעגאַנגען נעענטער, האָט גענומען אײנס פון זײַנע שטײנדלעך, זיך גוט געצילט און אַ שלײַדער גע־טאָן מיט זײַן וואַרף־שטעקל. און ער האָט געטראָפן גליתן גלײַך אין שטערן אַרײַן. דאָס שטײנדל האָט זיך טיף אײַנגעגראָבן גליתן אין קאָפּ. איז גלית געפאַלן אויף דער ערד. דעמאָלט איז דוד צוגעלאָפן, גענומען

ג ל י ת ע ס שווערד און מיט איר אָפּגעהאַקט ג ל י ת ן דעם קאָפּ.



ד ו ד  האַקט אָפּ דעם קאָפּ ביי  ג ל י ת ן.

ווען די  פּ ל י ש ת י ם  האָבן דערזען, אַז זייער העלד איז טויט, זיינען זיי זיך צעלאָפן, און די  ב נ י - י ש ר א ל האָבן זיי נאָכגעיאָגט און זיי צעשלאָגן.

ריזיק—giant. אַרויסגעטראָטן—stepped out. פּאַנצער—armor, shield. באַזיגן—to conquer. אָפּגערופן—answered. באַרימט זיך—boasts. עס האָט אים פאַרדראָסן—he was sorry. דערפאַרן—experienced. געזידלט—cursed. וואַרף־שטעקל—sling. געצילט—aimed. אַ שליידער געטאָן—threw. זיך איינגעגראָבן—sank.

# שאול באַקומט פיינט דודן.

ווען דוד האָט דערהרגעט גליתן, האָט שאול אים מער ניט געלאָזט אומקערן זיך צו זיין פאָטער. ער האָט אים איבערגעלאָזט ביי זיך.

און אַלע אַרום האָבן ליב באַקומען דודן — אַנהייבנדיק מיט יונתנען, שאולס זון, און ביז די דינער שאולס און דעם גאַנצן פאָלק.

דוד איז געגאַנגען, וואוהין שאול האָט אים געשיקט; און וואוהין ער איז געגאַנגען, האָט ער באַגליקט. האָט אים שאול באַשטימט פאַר אַן עלטסטן פון טויזנט און געגעבן אים זיין טאָכטער מיכל פאַר אַ ווייב.

נאָר איינמאָל, ווען דוד איז געקומען פון אַ מלחמה מיט די פלשתים, זיינען די פרויען אַרויס אַנטקעגן מיט פויקן און מיט טענץ, און זיי האָבן געזונגען: „שאול האָט צעשלאָגן די טויזנטער און דוד די צענדליקער טויזנטער!”

האָט שאולן שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס מ'האָט געשטעלט דודן איבער אים. ער האָט געטראַכט: „וואָס פעלט איצט דודן נאָך, אויסער דער מלוכה?”

פון דעמאָלט אָן האָט שאול פיינט באַקומען דודן, און ער האָט געזוכט אַ געלעגנהייט פּטור צו ווערן פון אים.

אײנמאָל, ווען ש א ו ל ן איז געוואָרן אומעטיק, און ד ו ד האָט געשפּילט פֿאַר אים אויף דער האַרפֿע, האָט ש א ו ל גענומען זײַן שפּיז, וואָס ער האָט געהאַט לעבן זיך, און אַ וואָרף געטאָן אויף ד ו ד ן. האָט זיך ד ו ד אָפּגעקערט, און די שפּיז האָט געטראָפֿן אין וואַנט.

אַ צווייט מאָל האָט ש א ו ל געזאָגט י ו נ ת נ ע ן און זײַנע דינער: „מען וואָלט געדאַרפֿט טייטן ד ו ד ן".

האָט י ו נ ת ן דערציילט וועגן דעם ד ו ד ן און אים געזאָגט: „היט זיך אָפּ, באַהאַלט זיך ביז מאָרגן אין וועלדל. און איך וועל רעדן וועגן דיר מיטן טאַטן און זען, וואָס ער וועט מיר זאָגן".

אויף מאָרגן איז געווען אַ י ו ם ־ ט ו ב — דער ערשטער טאָג אין ח ו ד ש. דער קעניג איז ווי געוויינטלעך בײַ דעם י ו ם ־ ט ו ב דיקן מאָלצײַט געזעסן אויף זײַן פּלאַץ. אַלע אַנדערע מיטגלידער פֿון זײַן מ ש פּ ח ה זײַנען געזעסן אויף זייערע פּלעצער. נאָר ד ו ד ס פּלאַץ איז געבליבן ליידיק.

האָט ש א ו ל געפֿרעגט י ו נ ת נ ע ן: „פֿאַרוואָס איז ד ו ד ניט געקומען עסן ?"

האָט י ו נ ת ן געענטפֿערט: „ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל אים דערלויבן גיין צו אים אין שטעטל. זיי האָבן דאָרטן הײַנט אַ פֿאַמיליען־י ו ם ־ ט ו ב, האָט ער געוואָלט זײַן מיט זײַנע ברידער. דערפֿאַר איז ער הײַנט ניטאָ בײַם קעניגס טיש".

איז ש א ו ל בייז געוואָרן אויף י ו נ ת נ ע ן און געזאָגט: „איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט זיך אויסגעקליבן ד ו ד ן אויף דײַן אייגענעם אומגליק. ווײַל אַזוי לאַנג ווי אָט דער ד ו ד לעבט, וועסטו קיין קעניג אין י ש ר א ל ניט זײַן. איצט גיי און ברענג אים אַהער, ווײַל עס קומט אים טייטן".

איז יונתן אַ בייזער אַרויס פון טיש. ער איז אַוועק צו דודן אין וועלדל און אים דערציילט, וואָס שאול האָט געזאָגט.

דעמאָלט האָבן ביידע פרײַנט זיך צעקושט און צע־זעגנט. און זיי האָבן געשוואָרן, אַז זיי וועלן איינע די אַנדערע קיין שלעכטס ניט טאָן. און זיי האָבן זיך צע־שיידט.

באַגליקט—was lucky. מאָלצײַט—meal. דערלויבן—to allow.
וואָס פעלט אים נאָך?—what else does he need? צעשיידט—separated. געלעגנהייט—opportunity. היט זיך אָפּ—be careful.
ווי געוויינטלעך—as usual.

# שאול יאָגט זיך נאָך דודן.

דוד איז אַנטלאָפן פון שאולן. ער האָט זיך אויס־באַהאַלטן פון אים אַמאָל אין איין אָרט, אַמאָל אין אַן אַנדערן. און שאול האָט גענומען נאָכיאָגן דודן. ווען דוד פלעגט זיך דערוויסן, אַז שאול קומט אָן, פלעגט ער אַנטלויפן. און אַרום דודן האָבן זיך אַרומגעקליבן אומצופרידענע מענטשן, און ער איז גע־וואָרן זייער אָנפירער.

איינמאָל איז שאול, נאָכיאָגנדיק דודן, אַרײַן אויף אַ ווײַלע אין אַ הייל. אין דער הייל האָבן זיך געווען אויסבאַהאַלטן דוד מיט זײַנע מענטשן. האָבן דודס מענטשן געזאָגט: „איצט איז די צײַט צו מאַכן אַ סוף צו דײַן פײַנט״.

אָבער דוד האָט זיי געזאָגט: „איך וועל ניט אויפ־הייבן קיין האַנט אויף דעם קעניג פון ישראל״. האָט דוד ניט געלאָזן זײַנע מענטשן טאָן שלעכטס שאולן.

אָבער ער האָט זיך שטילערהייט צוגעגנבעט צום קעניג און אָפּגעשניטן אַ פּאָלע פון זיין מאַנטל.
ווען שאול איז אַרויס פון היל און איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, איז דוד אַרויס, אַ רוף געטאָן שאולן און געזאָגט:
„פאַרוואָס, קעניג, הערסטו זיך צו צו די, וואָס זאָגן דיר, אַז איך וויל דיר שלעכטס טאָן? דאָס איז פאַלש. אָט ביסטו היינט געווען אין מיינע הענט, אָבער איך האָב דיר קיין שלעכטס ניט געטאָן. איך האָב בלויז אָפּגעשניטן אַ פּאָלע פון דיין מאַנטל, דו זאָלסט זען, אַז איך האָב דיר געקאָנט טאָן שלעכטס און האָב עס ניט געטאָן".
האָט שאול געזאָגט: „איך זע איצט, דוד, אַז דו ביסט ניט שולדיק קעגן מיר. דו האָסט מיר באַצאָלט מיט גוטס פאַר שלעכטס".
און שאול איז אַוועק מיט זיינע מענטשן צו זיך אַהיים.

אומצופרידענע—dissatisfied. אָנפירער—leader. סוף—end.
ניט געלאָזן—did not allow. שטילערהייט—quietly.

# דוד נעמט צו ביי שאולן די שפּיז.

אין אַ ביסל צייט אַרום האָט שאול ווידער אָנגע־הויבן נאָכיאָגן זיך נאָך דודן.
אויף דער נאַכט האָט זיך שאול געלייגט שלאָפן אין זיין לאַגער, אַרומגערינגלט פון זיין אַרמיי. אַז דוד האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער געגאַנגען מיט זיינעם אַ שוועסטערקינד, האָט זיך שטיל צוגעגנבעט און צוגענומען ביי שאולן זיין שפּיז און דאָס קריגל מיט וואַסער, וואָס איז געשטאַנען ביי אים צוקאָפּנס. און אַלע

אַרום האָבן געשלאָפן אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן גאָרנישט ניט געהערט.

אַז ד ו ד איז אַוועק פון ש א ו ל ס לאַגער, איז ער אַרויף אויף אַ בערגל און האָט אויסגערופן: „אַ ב נ ר, ש א ו ל ס הויפּט־קריגסמאַן! אַזוי היטסטו דאָס דײַן האַר, דעם קעניג? קוק זיך אַרום: וואו איז די שפּיז און דאָס קריגל וואַסער, וואָס זײַנען געשטאַנען צוקאָפּנס בײַם קעניג?"

האָט ש א ו ל דערקענט ד ו ד ס שטימע און געזאָגט: „איך בין שולדיק קעגן דיר, מײַן זון ד ו ד! איך האָב זיך שטאַרק באַנאַרישט, וואָס איך האָב דיך נאָכגעיאָגט ביז איצט".

האָט ד ו ד געזאָגט: „אומזיסט יאָגסטו זיך נאָך מיר, קעניג! אָט ביסטו הײַנט ווידער געווען אין מײַנע הענט, און איך האָב דיר קיין שלעכטס ניט געטאָן. זאָל אויף ווײַטער מײַן לעבן זײַן טײַער אין דײַנע אויגן, ווי דײַן לעבן איז טײַער אין מײַנע. שיק צו אַ דינער, וועט ער נעמען די שפּיז און דאָס קריגל וואַסער".

האָט ש א ו ל געבענטשט ד ו ד ן און געזאָגט: „איך ווייס, דו וועסט באַגליקן און וועסט אַ סך אויפטאָן!"

איז ד ו ד אַוועק צו זײַנע מענטשן, און ש א ו ל האָט זיך אומגעקערט צו זיך אַהיים.

צוקאָפּנס—at his head. באַנאַרישט—acted foolishly. אומזיסט—in vain. קריגל—pitcher. אַרומגערינגלט—circled. שוועסטערקינד—cousin.

# שאולס טויט.

אין אַ צײַט אַרום זײַנען די פּלִשתּים ווידער אָנגעפאַלן אויף די בני־ישׂראל. איז שאול מיט זײַנע זין און מיט זײַן גאַנצן חיל אַרויסגעטראָטן קעגן די פּלִשתּים.

זײַנען די בני־ישׂראל צעשלאָגן געוואָרן און זײַנען זיך צעלאָפן. און די פּלִשתּים האָבן אָנגעיאָגט שאולן מיט זײַנע זין. זיי האָבן דערהרגעט יונתנען און האָבן אין שאולן אַרײַנגעשאָסן זייערע פײַלן.

שאול האָט ניט געוואָלט אַרײַנפאַלן אין די הענט פון די פּלִשתּים אַ לעבעדיקער. האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף זײַן שווערד און איז געפאַלן טויט.

אַז די בני־ישׂראל האָבן דערזען, אַז שאול און זײַנע זין זײַנען טויט, זײַנען זיי זיך צעלאָפן פון זייערע שטעט, און די פּלִשתּים זײַנען געקומען און האָבן די שטעט פאַרנומען.

אין דרײַ טעג אַרום איז צו דודן געקומען אַ מאַן. ער האָט זיך פאַרנייגט פאַר אים און געזאָגט: „איך בין אַנטלאָפן פון דעם שלאַכטפעלד. דאָס פאָלק איז זיך צעלאָפן, און שאול און זײַן זון יונתן זײַנען דערהרגעט געוואָרן".

ווען דוד און זײַנע מענטשן האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי צעריסן אויף זיך די קליידער און געוויינט און באַקלאָגט דעם טויט פון שאולן און יונתנען. און דוד האָט אויסגעזונגען אַ קלאָג־ליד אויף זיי.

אָנגעיאָגט—caught up with. זיך אַרויפגעוואָרפן—threw himself. אַרײַנגעשאָסן—shot into. שלאַכטפעלד—battle field. באַקלאָגט—mourned.

### פראַגעס:

וואָס איז געווען שאולס הויפּט־אַרבעט אַלס קעניג?
פאַרוואָס איז שמואל געוואָרן אין כעס אויף שאולן?
ווי אַזוי איז דוד געקומען צו שאולן?
ווי אַזוי האָט דוד דערהרגעט גליתן?
פאַרוואָס איז שאול בייז געוואָרן אויף דודן?
וואָס האָט ער באַשלאָסן צו טאָן מיט דודן?
ווי האָט דוד באַוויזן שאולן, אַז ער וויל אים ניט טאָן קיין שלעכטס?
ווי אַזוי איז שאול דערהרגעט געוואָרן?

# דוד ווערט קעניג.

באַלד נאָך שאולס טויט איז דוד מיט אַלע זיינע מענטשן אַוועק אין דער שטאָט חברון, אין דעם שבט יהודה (יעהודאָ). זיינען אהין געקומען אַלע עלטסטע פונם שבט. זיי האָבן גוט געקענט דודן און זיינען געווען שטאָלץ מיט אים. האָבן זיי זיך צונויפ־גערעדט און געמאַכט דודן פאַר דעם קעניג איבער יהודה.

און שאולס קריגס־עלטסטער, אבנר, האָט גענומען שאולס יינגסטן זון און אים באַשטימט פאַר קעניג איבער די אַנדערע שבטים פון ישראל.

אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר סוחרים פון ווייט, געקומען צו שאולס זון און האָבן אים דערהרגעט. זיינען אַלע אַנדערע שבטים פון ישראל צעטומלט געוואָרן און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

דעמאָלט זײַנען די עלטסטע פֿון די שבטים אַוועק צו דודן אין חברון און האָבן אים געזאָגט: דו האָסט דאָך אַפֿילו אין שאולס צײַטן אַ סך מאָל געפֿירט אונדזערע מלחמות. ווער איצט דער עלטסטער איבער גאַנץ ישראל.

האָט דוד געשלאָסן אין חברון אַן אָפּמאַך מיט די עלטסטע פֿון ישראל, און ער איז געוואָרן דער קעניג פֿונם גאַנצן פֿאָלק.

צו דרײַסיק יאָר איז דוד געוואָרן קעניג איבער יהודה; און צו זיבן און דרײַסיק איז ער געוואָרן קעניג איבערן גאַנצן פֿאָלק.

דעמאָלט האָט דוד באַשלאָסן איבערצורוקן זײַן הויפּשטאָט פֿון חברון מער צו צפֿון צו, נעענטער צו די אַנדערע שבטים.

אויף אַ הויכן באַרג איז געלעגן אַ שטאָט, ירושלים, אין וועלכער עס האָט געוואוינט אַ פֿרעמדער שבט. איז דוד געגאַנגען און האָט אײַנגענומען אָט די שטאָט און געמאַכט זי פֿאַר זײַן הויפּטשטאָט.

ווען די פּלישתים האָבן דערהערט, אַז דוד איז געוואָרן קעניג איבער גאַנץ ישראל, זײַנען זיי אַרויס אויף מלחמה קעגן אים.

אָבער דוד האָט זיי צעשלאָגן אַזוי, אַז זיי האָבן מער קיינמאָל קיין כּוח ניט געהאַט אָנצופֿאַלן אויף ישראל. און זיי האָבן נאָך דערצו געדאַרפֿט צאָלן דודן צינז.

נאָכדעם האָט דוד צעשלאָגן אויך די אַנדערע פֿעלקער אַרום, וואָס פֿלעגן אַמאָל אָנפֿאַלן אויף ישראל:

מ ו א ב (מויאַוו), ע מ ו ן (אַמוין), אַ ר ם (אַראַם) און אַנ־דערע. ער האָט בײַ זײ אַוועקגעזעצט זײַנע באַאַמטע, און זײ האָבן אים געדאַרפט צאָלן צינז.

פאַרשטעלט—disguised. סוחרים—merchants. אַפילו—even.
צעטומלט געוואָרן—didn't know what to do. באַאַמטע—officers.
איבערצורוקן—to move. הויפטשטאָט—capitol.

# דוד ברענגט דעם אָרון קיין ירושלים.

ווען ד ו ד האָט אײַנגענומען די שטאָט י ר ו ש ל י ם, האָט ער זי באַפעסטיקט און אַרומגעבויט מיט הויכע מויערן. ער האָט אויך אויפגעבויט דאָרטן אַ שײנעם פּאַ־לאַץ פאַר זיך און פאַר זײַנע ווײַבער און קינדער.

דעמאָלט האָט ער באַשלאָסן אַריבערצופירן אין י ר ו ש ל י ם דעם הײליקן אָ ר ו ן. דערמיט האָט ער גע־וואָלט מאַכן י ר ו ש ל י ם פאַר אַ הײליקער שטאָט, וואו־הין די ב נ י ־ י ש ר א ל זאָלן קומען דינען זײער גאָט יאַהאַווע און ברענגען אים זײערע ק ר ב נ ו ת.

איז ד ו ד געגאַנגען אין דעם פּלאַץ, וואו דער הײלי־קער אָ ר ו ן איז געשטאַנען, האָט אים גענומען פון דאָרטן און מיט גרוים פּאַראַד — מיט געזאַנג, מוזיק און טענץ — אַריבערגעפירט אין י ר ו ש ל י ם און אַרײַנגעשטעלט אים אין אַ שײן געצעלט.

אין אַ ביסל צײַט אַרום האָט ד ו ד גערופן צו זיך זײַן נ ב י א נ ת ן (נאַסאַן) און אים געזאָגט: „זע, אָט וואוין איך אין אַ פּאַלאַץ, אין אַ הויז פון צעדערהאָלץ, און דער הײליקער אָ ר ו ן איז אין אַ געצעלט. זאָל איך אויך פאַר אים אויפבויען אַ הויז?"

האָט אים דער נ ב י א נ ת ן געענטפערט: „די

גאַנצע צײַט, זינט די בני־ישראל זײַנען אַרויס פון מצרים, געפינט זיך דער הײליקער אָרון אין אַ געצעלט, ניט אין אַ הויז. און דערצו פּאַסט ניט פאַר דיר צו בויען אַ הויז פאַר דעם הײליקן אָרון; דו האָסט געפירט גרויסע מלחמות און פאַרגאָסן אַ סך בלוט. דײַן זון, וואָס וועט זיצן רואיק אויף דײַן טראָן נאָך דיר, ער וועט אויפבויען אַ שטענדיקע וואוינונג פאַר דעם הײליקן אָרון פון יאַהאַוועה.

באַפעסטיקט—forified. באַשלאָסן—decided. נביא—prophet. צעדערהאָלץ—cedarwood. פּאַסט ניט—is not fitting.

# דוד און בת־שבע.

אײנמאָל האָט דוד שפּאַצירט אויפן דאַך פון זײַן פּאַלאַץ. האָט ער אויפן דאַך פון אַ צווײט הויז דערזען אַ פרוי. זי איז געווען זײער אַ שײנע. האָט זי דוד ליב באַקומען.

האָט דוד אויסגעפונען, אַז זי הײסט בת־שבע (באַסשעוואַ) און אַז זי האָט אַ מאַן.

אין יענער צײַט האָט דוד געפירט אַ מלחמה. האָט ער גערופן צו זיך בת־שבעס מאַן, וואָס איז געווען אַן אָפיצער אין דער אַרמײ, און געגעבן אים אַ בריוו אָפּצוטראָגן צום הויפּט־גענעראַל אויף דעם שלאַכטפעלד. אין דעם דאָזיקן בריוו האָט דוד געשריבן צו זײַן הויפּט־גענעראַל אַזוי: „ווען דער טרעגער פונם בריוו וועט קומען צו דיר, שטעל אים אַוועק אין אַ געפערלעכן פּלאַץ, און זאָל ער דערהרגעט ווערן.“

האָט דער הויפּט־גענעראַל אַזוי געטאָן, און בת־שבעס מאַן איז דערהרגעט געוואָרן.

דעמאָלט האָט ד ו ד געשיקט נאָך ב ת ־ ש ב ע ן און זי גענומען פאַר אַ ווײַב.

איז צו ד ו ד ן געקומען נ ת ן דער נ ב י א און אים געזאָגט: „קעניג, איך וויל, דו זאָלסט מ ש פ ט ן. אין אַ שטאָט זײַנען געווען צוויי מענטשן: איינער אַ רײַכער און דער אַנדערער אַן אָרימער. דער רײַכער האָט געהאַט אַ ס ך שאָף און רינדער, און דער אָרימאַן האָט געהאַט בלויז איין קליין שעפעלע. ער האָט עס געהאָדעוועט צוזאַמען מיט זײַנע קינדער, פלעגט אים געבן עסן פון זײַן ברויט און טרינקען פון זײַן גלאָז.



נ ת ן שטראָפט ד ו ד ן.

„איז איינמאָל צום רײַכן מאַן געקומען אַ גאַסט. האָט ער ניט געוואָלט נעמען פון זײַנע שעפסן צוצוגרייטן אַ מאָלצײַט פאַרן גאַסט, האָט ער מיט גוואַלד צוגענומען בײַם אָרימאַן דאָס איינציקע שעפסעלע, געקוילעט עס און צוגעגרייט פאַרן גאַסט".

ווי ד ו ד האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן אין כ ע ס און האָט אויסגערופן: „איך שווער, אַז דער וואָס האָט דאָס געטאָן, איז ווערט, מ'זאָל אים טייטן".

האָט נ תן געזאָגט: „דו, קעניג, ביסט דאָס דער מאַן. זע, דו ביסט געוואָרן קעניג איבער גאַנץ י ש ר א ל. דו האָסט זיך גענומען ווייבער, וויפיל דו האָסט געוואָלט. און ב ת־ש ב ע ס מאַן האָט געהאַט איין ווייב. האָסטו אים ד ע ר ה ר ג ע ט אויף מ ל ח מ ה, און זיין ווייב האָסטו צוגענומען זיך".

האָט ד ו ד געזאָגט: „יאָ, איך האָב געזינדיקט".

און נ ת ן האָט געזאָגט ד ו ד ן: „פאַר דיין זינד וועט קומען אַן אומגליק אויף דיין הויז".

אין אַ ביסל צייט אַרום האָט ב ת־ש ב ע געבוירן ד ו ד ן אַ יינגל. איז דער יינגל קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן.

און ד ו ד האָט געטרייסט ב ת־ש ב ע ן. און אין אַ צייט אַרום האָט זי אים געבוירן נאָך אַ יינגל. האָט ד ו ד אים אַ נאָמען געגעבן ש ל מ ה (שלוימע).

משפטן—to judge. צוצוגרייטן—to prepare. שאָף—sheep. רינדער—cattle. געהאָדעוועט—brought up. מיט גוואַלד—by force. געקוילעט—killed. געזינדיקט—sinned. אומגליק—misfortune. געטרייסט—consoled.

# אַבשלומס אויפשטאַנד.

ד ו ד ס עלטסטער זון, וואָס האָט געזאָלט ווערן קעניג נאָך אים, האָט געהייסן אַמנון. דער צווייטער זון זיינער האָט געהייסן אַ ב ש ל ו ם (אַווּשאָלעם). איינמאָל האָט אַמנון באַליידיקט אַ ב ש ל ו מ ס ליבלעכע שוועסטער.

איז אַבשלום אין כעס געוואָרן אויף אַמנוינען און האָט אים דערהרגעט.

ווען דוד האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט ער אויף זיך צעריסן די קליידער און געוויינט. און אַבשלום איז אַנטלאָפן פון ירושלים אין אַ דערבייאיק לאַנד.

אָבער ביסלעכווייז האָט דוד פאַרגעסן אָן אַמנוינען, און אים האָט פאַרדראָסן, וואָס אַבשלום איז ווייט פון אים. האָט ער געשיקט און מ׳האָט געבראַכט אַבשלומען צוריק אין ירושלים.

צוויי יאָר צייט האָט דוד נאָך ניט געוואָלט זען אַבשלומען. נאָכדעם אָבער האָט ער אים גערופן צו זיך און זיי האָבן זיך צעקושט.

אַבשלום האָט געוואוסט, אַז ער דאַרף ווערן קעניג נאָך דודן. ער האָט אָבער ניט געוואָלט וואַרטן ביז דער פאָטער וועט שטאַרבן, און ער האָט אָנגעהויבן גרייטן אַן אויפשטאַנד קעגן דודן.

ער האָט זיך געמאַכט אַ רייטוואָגן, און פופציק מענטשן פלעגן לויפן פאָרויס פאַר אים. יעדן טאָג פלעגט ער קומען צום טויער פון קעניגלעכן הויף, וואוהין מענטשן פלעגן קומען משפטן זיך. ער פלעגט זיך נאָכפרעגן ביי יעדן איינעם, נאָך וואָס ער איז געקומען, און ער פלעגט יעדן איינעם געבן גערעכט. ער פלעגט יעדן איינעם באַגריסן און געבן די האַנט. און אַזוי אַרום האָט ער אַרויסגערופן ביים פאָלק ליבע צו זיך.

איינמאָל האָט אַבשלום זיך צונויפגערעדט מיט דודס קליגסטן ראַטגעבער, אַחיתופלן (אַכיסויפעלן), און האָט אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן דודן. און דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן צושטיין צו אים.

ווען דוד האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט ער

גענומען זײַן הויזגעזינד און די קלײנע אַרמײ, וואָס ער האָט געהאַט אין ירושלים און איז אַנטלאָפן פון דאָרטן.

און אַבשלום איז געקומען און פאַרנומען ירושלים און זײַן פאָטערס טראָן.

פאַרן אַנטלויפן האָט דוד געזאָגט צו אַ צווײטן ראַטגעבער זײַנעם חושי (כושאי): „פאַרבלײַב דאָ אין ירושלים און זע צעשטער אחיתופלס עצה".

ווען אַבשלום איז געקומען אין ירושלים, איז חושי געקומען צו אים און אויסגעדריקט אים זײַן געטרײַשאַפט.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט אַחיתופל געזאָגט צו אַבשלומען: „לאָז מיך נעמען אַ צוועלף טויזנט מאַן, און איך וועל נאָכיאָגן דײַן פאָטער. ער איז מיד און האָט אַרום זיך ווײניק מענטשן, וועל איך דערהרגענען דעם קעניג אַלײן, און דאָס גאַנצע פאָלק וועט צושטײן צו דיר".

האָט אַבשלום נאָכדעם געפרעגט אַן עצה אויך בײַם צווײטן ראַטגעבער חושין. האָט יענער אים געזאָגט: „דאָס מאָל איז אַחיתופלס עצה ניט קײן גוטע. דו קענסט דאָך דײַן פאָטער: ער איז ווי אַ לײב. מיט אַ קלײנער אַרמײ וועסטו אים ניט בײַקומען. קלײַב צונויף דאָס גאַנצע פאָלק; און דעמאָלט וועסטו אַרויסטרעטן קעגן דײַן פאָטער און אים אויף זיכער צעשלאָגן".

איז אַבשלומען בעסער געפעלן געוואָרן חושים עצה. ווען אַחיתופל האָט דערזען, אַז מ'האָט אים ניט געפאָלגט, איז ער אַוועק צו זיך אַהײם און האָט זיך דאָס לעבן גענומען. און חושי האָט דורך געהײמע מענטשן געלאָזט וויסן דודן, וואָס אַבשלום גרײט זיך צו טאָן.

האָט ד ו ד צונויפגענומען די אַלע מענטשן, וואָס זײַנען געווען בײַ אים און באַשטימט איבער זײ עלטסטע. און ווען אַ ב ש ל ו ם מיט זײַן אַרמײ האָט זיך דערנענטערט, האָט ד ו ד אַרויסגעשיקט אַנטקעגן אים זײַנע מענטשן. ער האָט אָבער אָנגעזאָגט אַלעמען, זײ זאָלן זיך היטן ניט צו טײטן אַ ב ש ל ו מ ע ן.

ווען די שלאַכט צווישן בײדע אַרמײען האָט זיך אָנגעהויבן, אין אַ וואַלד, איז אַ ב ש ל ו ם פאַרבײַגעפאָרן אויף זײַן מוילאײזל און האָט מיט זײַנע לאַנגע האָר זיך פאַרהאַלטן אָן אַ צווײַג. דער מוילאײזל איז אַוועק, און ער איז געבליבן הענגען. האָבן דאָס דערזען ד ו ד ס מענטשן, און עס איבערגעגעבן זײַן הויפט־קריגסמאַן, י ו אָ ב ן (יויאָוון). האָט י ו אָ ב דערהרגעט אַ ב ש ל ו מ ע ן. נאָכדעם האָט י ו אָ ב געבלאָזן אין ש ו פ ר אַלס צײכן, אַז די מ ל ח מ ה האָט זיך פאַרענדיקט.

ווען ד ו ד האָט דערהערט, אַז מ'האָט דערהרגעט אַ ב ש ל ו מ ע ן, איז ער זײער בײז געווען, איז אַוועק צו זיך אין צימער און האָט שטאַרק געטרויערט. אָבער י ו אָ ב האָט אים געזאָגט:

„דו האָסט הײַנט באַלײדיקט דײַנע דינער און פרײַנט. דו האָסט קענטיק ליב דײַנע פײַנט און האָסט פײַנט דײַנע פרײַנט. אויב דו וועסט ניט אַרויס צום פאָלק, וועלן אַלע דיך פאַרלאָזן, און דו וועסט בלײַבן אַלײן.“

איז ד ו ד אַרויס צום פאָלק, און דאָס פאָלק האָט אים באַגריסט.

לײַבלעכע—of the same father and mother. באַלײדיקט—insulted. אויפשטאַנד—revolt, uprising. באַגריסן—to greet. געטרײַשאַפט—faithfulness. צעשטער—destroy. בײַקומען—to conquer. צונויפרעדן זיך—to come to an agreement. אָנגעזאָגט—warned. קענטיק—it seems. געהײמע—secret.

# דוד ווערט צוריק קעניג איבער ישראל.

ווען דער אויפשטאַנד פון אַבשלומען איז דורכ־געפאַלן, זײַנען געקומען די עלטסטע פון דעם שבט יהודה און צוריק באַשטימט דודן פאַר זײער קעניג.

זײַנען די עלטסטע פון די אַנדערע צען שבטים געוואָרן אין כּעס, פאַרוואָס מ'האָט אויף זײ ניט געוואַרט. האָבן זײ זיך באַלײדיקט און זײַנען אַוועק. און אײנער פון זײ האָט אַפּילו פּרובירט מאַכן אַ נײַעם אויפשטאַנד קעגן דודן.

האָט דוד געשיקט זײַנע מענטשן, און זײ האָבן נאָכ־געיאָגט די, וואָס זײַנען אויפגעשטאַנען קעגן אים, און האָבן זײ צעשלאָגן.

דעמאָלט איז דוד געקומען קיין ירושלים און איז דאָרטן ווידער געוואָרן קעניג.

דוד האָט צעשלאָגן די אַלע פעלקער, וואָס אַרום דעם ייִדישן לאַנד, און זײ האָבן מורא געהאַט פאַר אים און פאַר די בני־ישראל. דוד האָט אײַנגעשטעלט אַן אָרדענונג אין לאַנד און האָט געמשפּט דאָס פאָלק זײער ערלעך.

דוד האָט ניט נאָר זײער גוט געשפּילט אויף דער האַרפע, נאָר ער האָט אויך געזונגען זײער פײַנע לידער. בײַ ייִדן איז דער נאָמען פון דודן דעריבער פאַרבליבן, ווי פון דעם גרעסטן און בעסטן ייִדישן קעניג.

דוד איז געווען קעניג פערציק יאָר.

פאַר זײַן טויט האָט דוד באַשטימט זײַן זון פון בת־שבען, שלמהן, פאַר קעניג נאָך זיך. ער איז געשטאָרבן אין ירושלים, ווען ער איז אַלט געווען זיבעציק יאָר.

פּרובירט—tried. אײַנגעשטעלט אָרדענונג—made order.

פ ר אַ ג ע ס:

ווער האָבן די ערשטע געמאַכט ד ו ד ן פאַר קעניג?
וואו איז געווען ד ו ד ס ערשטע הויפּטשטאָט?
ווי אַזוי איז ד ו ד געוואָרן דער קעניג איבער אַלע ייִדן?
וועלכע שטאָט האָט ד ו ד געמאַכט פאַר זײַן נײַער הויפּט-שטאָט?
וואָס האָט ד ו ד געבראַכט קיין י ר ו ש ל י ם, כ ד י צו מאַכן די שטאָט פאַר אַ הייליקער בײַ די ייִדן?
פאַרוואָס האָט נ ת ן ניט געהייסן ד ו ד ן בויען אַ טעמפּל פאַרן הייליקן אָ ר ו ן?
וואָס איז געווען דער מ ש ל, וואָס נ ת ן דער נ ב י א האָט דערציילט ד ו ד ן, ווען יענער האָט גענומען צו זיך ב ת - ש ב ע ן?
ווי איז ד ו ד באַשטראָפט געוואָרן פאַר דער שלעכטער זאַך, וואָס ער האָט געטאָן צו ב ת - ש ב ע ס מאַן?
פאַרוואָס האָט אַ ב ש ל ו ם אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן ד ו ד ן?
וואָס איז געווען דער ס ו ף פון אַ ב ש ל ו מ ס אויפשטאַנד?
פאַרוואָס זײַנען די עלטסטע פון די צען ש ב ט י ם פון י ש ר א ל געוואָרן בייז אויף ד ו ד ן?
וועמען האָט ד ו ד באַשטימט פאַר קעניג נאָך זיך?

# שלמה דער קלוגער קעניג.

ווען ש ל מ ה איז געוואָרן קעניג, האָט ער געוואַרט, ביז ד ו ד איז געשטאָרבן, און דעמאָלט האָט ער באַשטראָפט אַלע די, וואָס זײַנען געווען די פײַנט פון זײַן פאָטער און זײַנע אייגענע פײַנט. און ער איז געזעסן פעסט אויף זײַן פאָטערס קעניגלעכן שטול.

ש ל מ ה איז געווען זייער אַ קלוגער. ער האָט זיך פאַרשטאַנען אויף מענטשן, אויף ח י ו ת און אַ פּ י ל ו

אויף פלאַנצן. און ער האָט זייער קלוג געמשפּט דאָס פאָלק.



שלמהס משפּט.

איינמאָל זיינען צו שלמהן געקומען משפּטן זיך צוויי פרויען. איינע פון זיי האָט דערציילט: „מיר ביידע וואוינען אין איין הויז. האָב איך געבוירן אַ קינד, און

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זי אויך געבוירן אַ קינד. בײַ־נאַכט האָט אָט די פרוי קענטיק צוגעדריקט איר קינד און ער איז געשטאָרבן. איז זי שטילערהייט צוגעקומען צו מיר, ווען איך בין געשלאָפן, צוגענומען בײַ מיר מײַן קינד און אַוועקגעלייגט לעבן מיר איר טויט קינד.

אין דער פרי בין איך אויפגעשטאַנען און געוואָלט אָנ־זויגן מײַן קינד, ערשט עס איז טויט. האָב איך זיך צוגע־קוקט צו אים און דערקענט, אַז דאָס איז ניט מײַן קינד".

האָט די צווייטע פרוי געזאָגט: מײַן קינד איז דאָס לעבעדיקע און אירס איז דאָס טויטע".

און די ערשטע פרוי האָט געזאָגט: „ניין, דײַן קינד איז דאָס טויטע און מײַנס איז דאָס לעבעדיקע".

האָבן זיי זיך געקריגט פאַרן קעניג.

האָט ש ל מ ה געזאָגט: „ברענגט אַ שווערד".

האָט מען געבראַכט.

האָט ש ל מ ה געזאָגט: „יעדע פון די פרויען זאָגט, אַז דאָס לעבעדיקע קינד איז אירס. זאָל מען דערפאַר צע־שנײַדן דאָס לעבעדיקע קינד אויף דער העלפט, און געבן איין העלפט איין פרוי און די צווייטע העלפט דער צוויי־טער".

האָט די פרוי, וועמעס קינד עס איז טאַקע געווען דאָס לעבעדיקע, ר ח מ נ ו ת געקראָגן אויפן קינד און אויס־געשריגן: „איך בעט דיך, קעניג, גיב איר אַוועק דאָס לעבעדיקע קינד, אָבער טייט עס ניט!"

און די אַנדער פרוי האָט געזאָגט: „ניט מיר, ניט דיר, צעשנײַדט!"

האָט דער קעניג געזאָגט: „טייט ניט דאָס קינד! גיט עס אָפּ צו אָט דער פרוי, וואָס האָט אויף אים ר ח מ נ ו ת געהאַט; זי איז זײַן מוטער".

ווען דאָס פאָלק האָט געהערט וועגן אָט דעם מ ש פּ ט ש ל מ ה ס, האָבן זײ געזען, ווי קלוג ער איז, און זײ האָבן פאַר אים אָפּשײַ באַקומען.

פעסט—firmly. צוגעדריקט—pressed. זיך אויפגעהויבן—rose. רחמנות געקראָגן—took pity. אָפּשײַ—respect.

# שלמה בויט דעם טעמפּל.

ד ו ד איז געווען אַ פּאַסטוך; און פון אַ פּאַסטוך האָט ער זיך אויפגעהויבן צו ווערן קעניג. האָט ער דערפאַר געלעבט אײַנפאַך. דאָך האָט ער אויסגעבויט פאַר זיך אַ גרויסן שײַנעם פּאַלאַץ.

ש ל מ ה אָבער האָט זיך שוין אויפגעהאָדעוועט אין קעניגלעכן הויף; דערפאַר האָט ער געוואָלט מאַכן זײַן לעבן פול מיט לוקסוס און מיט גלאַנץ. ער האָט דעריבער באַשלאָסן צו בויען פאַר זיך אַ פּראַכטפולן פּאַלאַץ, און אויך אויפבויען אַ שײַנעם טעמפּל פאַר דעם אָ ר ו ן פון יאַהאַווען.

האָט ש ל מ ה געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דעם קעניג פון צויר, וואָס אין צ פ ו ן פון ייִדישן לאַנד. דאָרטן, אין צויר, זײַנען אויף די בערג געוואַקסן גרויסע צעדערבײ־מער. און אין דער שטאָט צויר זײַנען געווען גוטע ב ע ל־מ ל אָ כ ו ת (באַלמעלאָכעס), וואָס האָבן געקאָנט אַרבעטן אויף האָלץ, אויף שטײַן און אויף גאָלד.

האָט ש ל מ ה געגעבן דעם קעניג פון צויר אַ ס ך ברויט און אויל, און יענער האָט דערפאַר געדאַרפט געבן ש ל מ ה ן צעדערבײַמער און מענטשן, וואָס קאָנען גוט בויען.

האָט דער קעניג פון צויר צוגעשיקט ש ל מ ה ן בוי־

מאַטעריאַלן און ב ע ל י־ מ ל אָ כ ו ת, און יענע האָבן אָנגעהויבן בויען דעם פּאַלאַץ פאַרן קעניג און דאָס הויז פאַרן הײליקן אָ ר ו ן.

און ש ל מ ה האָט גענומען צענדליקער טויזנטער פון זײַן פאָלק, געשיקט זײ אין די בערג און געהײסן זײ האַקן שטײנער און ברענגען קיין י ר ו ש ל י ם.

ער האָט אויך אַרויפגעלײגט הויכע אָפּצאָלן אויפן גאַנצן פאָלק, כ ד י ער זאָל האָבן מיט וואָס אויפצוהאַלטן זײַן הויף און מיט וואָס צו צאָלן די אַרבעטער און וואָס צו שיקן צום קעניג פון צויר.

זיבן יאָר האָט געדויערט אויפצובויען דעם טעמפּל, אָדער דאָס הײליקע הויז פאַר דעם אָ ר ו ן פון יאַהאַווע, און פערצן יאָר האָט געדויערט אויפצובויען דעם פּאַלאַץ פאַרן קעניג.

דעם טעמפּל האָט מען געבויט פון גרויסע געהאַקטע שטײנער, און אינווײניק האָט מען די ווענט אויסגעלײגט מיט האָלץ און אויסגעפּוצט מיט גאָלד. אין דעם גרויסן טעמפּל האָט מען געמאַכט אײן פינצטער צימער, און אַהין האָט מען אַרײַנגעשטעלט דעם אָ ר ו ן. און אָט דאָס צימער האָבן אַלע אין י ש ר א ל אָנגעהויבן צו האַלטן פאַר דעם הײליקסטן פּלאַץ, ווײַל זײ האָבן געטראַכט: „אָט דאָ, אין דעם צימער, וואוינט יאַהאַווע".

ש ל מ ה האָט זיך אויך געמאַכט אַ שטול פון העלפאַנדבײן און אים באַדעקט מיט גאָלד און אויסגעזעצט מיט טײַערע שטײנער.

האָבן די קעניגן פון די נאָענטע און ווײַטע לענדער

אַרום דערהערט וועגן שלמהס קלוגשאַפט און וועגן זײַן רײַכקײַט; זײַנען זײ געקומען צו אים אָפּגעבן אים כבוד און הערן זײַן חכמה.



דער בית־המקדש.

איינפאַך—plainly. לוקסוס—luxury. גלאַנץ—splendor.
פּראַכטפול—magnificent. אָפּמאַך—treaty. בעל־מלאָכות—artisans.
בוי־מאַטעריאַלן—building materials. אָפּגעבן כבוד—to honor.
אָפּצאָלן—taxes. העלפאַנדבײן—ebony. חכמה—wisdom.

# די מלוכה ווערט צעשפּאָלטן.

שלמה האָט געקיניגט איבער ישראל פערציק יאָר. די מערסטע יאָרן פון זײַן קיניגן איז געווען רואיק אין לאַנד. אָבער די לעצטע יאָרן איז געוואָרן אומרואיק. אייניקע פעלקער, וואָס דוד האָט געהאַט אײַנגענומען, האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן שלמהן.

צווישן שלמהס באַאַמטע איז געווען איינער זײער

אַ פּיִאיקער מענטש, מיטן נאָמען י ו ב ע ם (יעראָוואָם). האָט אים איינמאָל באַגעגנט אַ נ ב י א און געזאָגט, אַז ער וועט נאָך ש ל מ ה ס טויט ווערן קעניג איבער אַ צאָל ש ב ט י ם פון י ש ר א ל. ווען ש ל מ ה האָט זיך דער־וואוסט וועגן דעם, האָט ער געוואָלט טייטן י ר ב ע מ ע ן. איז י ר ב ע ם אַנטלאָפן קיין מ צ ר י ם.

באַלד ווי ש ל מ ה איז געשטאָרבן, איז זיין זון ר ח ב ע ם (רעכאַוואָם), וואָס האָט געזאָלט ווערן קעניג נאָך אים, אַוועק אין דער שטאָט ש כ ם (שכעם). דאָרטן האָבן זיך פאַרזאַמלט די עלטסטע פון י ש ר א ל, וואָס האָבן אים געדאַרפט דערקלערן פאַר קעניג.

צווישן די עלטסטע איז אויך געווען י ר ב ע ם, וואָס האָט באַלד נאָך ש ל מ ה ס טויט זיך צוריקגעקערט פון מ צ ר י ם. אין ש כ ם האָט י ר ב ע ם אין נאָמען פון די אַנדערע עלטסטע געזאָגט צום יונגן קעניג: „מאַך לייכטער דעם יאָך פון אַלערליי אָפּצאָלן, וואָס דיין פאָטער ש ל מ ה האָט אַרויפגעלייגט אויפן פאָלק“.

האָט ר ח ב ע ם געבעטן די עלטסטע, זיי זאָלן קומען אין דריי טעג אַרום, וועט ער זיי דעמאָלט געבן אַן ענט־פער. דערווייל האָט ער זיך דורכגערעדט מיט זיינע ראַטמענער. די עלטסטע ראַטמענער, וואָס זיינען נאָך געווען ביי ש ל מ ה ן, האָבן געראָטן דעם קעניג, ער זאָל נאָכגעבן די פאָדערונגען פונם פאָלק. „ווען דו וועסט זיי נאָכגעבן היינט, וועלן זיי דיך דערנאָך דינען דיין גאַנץ לעבן“. — האָבן זיי געזאָגט. אָבער די יינגערע ראַט־מענער האָבן געזאָגט דעם קעניג: „וועסטו זיי איינמאָל נאָכגעבן, וועלן זיי פון דיר פאָדערן אַלץ מער. רעד שטרענג צו זיי“. איז ר ח ב מ ע ן בעסער געפעלן גע־וואָרן די ע צ ה פון די יינגערע ראַטמענער.

ווען די עלטסטע פון פאָלק זײַנען אין דרײַ טעג אַרום געקומען צום קעניג, האָט ר ח ב ע ם זײ געזאָגט: „מײַן פאָטער האָט אויף אײַך אַרויפגעלײגט אַ שווערן יאָך; איך וועל דעם יאָך נאָך מאַכן שווערער. מײַן פאָטער האָט אײַך געשטראָפט מיט ריטער, און איך וועל אײַך שטראָפן מיט דערנער".

ווען די עלטסטע פון פאָלק האָבן דערהערט אַזעלכע רײד, זײַנען זײ בײז געוואָרן און געזאָגט: „מיר ווילן מער ניט האָבן צו טאָן מיט ד ו ד ס הויז. לאָמיר גײן יעדערער צו זיך אַהײם".

אַזוי זײַנען די עלטסטע פון י ש ר א ל אַוועק און האָבן ניט דערקלערט ר ח ב ע מ ע ן פאַר זײער קעניג. בלויז די עלטסטע פון ש ב ט י ה ו ד ה האָבן שפּעטער אין י ר ו ש ל י ם באַשטימט ר ח ב מ ע ן פאַר קעניג. און די עלטסטע פון י ש ר א ל האָבן זיך פאַרזאַמלט און באַשטימט פאַר אַ קעניג איבער די צען ש ב ט י ם אין צ פ ו ן פון לאַנד אײנעם פון זײ, י ר ב ע מ ע ן.

ר ח ב ע ם האָט צוערשט געוואָלט גײן מלחמה האַלטן מיט י ר ב ע מ ע ן; אָבער אַ נ ב י א פון י ה ו ד ה האָט אים באַגעגנט און געזאָגט, אַז עס וועט אים ניט העלפן. איז ר ח ב ע ם געבליבן קעניג פון אײן ש ב ט, י ה ו ד ה, מיט י ר ו ש ל י ם אַלס זײַן הויפּטשטאָט. און י ר ב ע ם איז געוואָרן קעניג איבער די צען צ פ ו נ ד י ק ע ש ב ט י ם. אַזוי האָט זיך דאָס לאַנד פון די ב נ י־י ש ר א ל צעשפּאָלטן אויף צוויי קעניגרײַכן: י ה ו ד ה אין ד ר ו ם און י ש ר א ל אין צ פ ו ן.

רואיק—quiet. ראַטמענער—advisers. יאָך—yoke. געראָטן—advised. שטרענג—firmly. שטראָפן—to punish.

## פראַגעס:

וואָס האָט שלמה באַוויזן מיט זײַן משפּט דאָס פאָלק?

וואָס האָט שלמה באַשטימט צו בויען אין ירושלים?

וואו האָט ער גענומען געהילץ און בעלי-מלאכות?

ווי אַזוי האָט שלמה באַקומען די גאַנצע שפּײַז, וואָס ער האָט געדאַרפט פאַר זײַן הויף, פאַרן קעניג פון צויר און פאַר די אַרבעטער?

וואָס פאַר אַ פאָדערונגען האָבן די עלטסטע פון ישראל געשטעלט שלמהס זון, רחבעמען?

וואָס האָט זיי רחבעם אויף דעם געענטפערט?

וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון רחבעמס ענטפער?




דאָס לאַנד כנען נאָך דער צעטיילונג.

# דאָס קעניגרייך ישראל.

## ירבעם ווערט קעניג פון ישראל.

י ר ב ע ם איז געוואָרן קעניג איבער י ש ר א ל. ער האָט באַפעסטיקט די שטאָט ש כ ם און זי געמאַכט פאַר זײַן הויפּטשטאָט.

י ר ב ע ם האָט געהאַט צוגעזאָגט די עלטסטע פון י ש ר א ל, אַז ער וועט אַרויפלייגן אויף דעם פאָלק זייער קלײנע שטײַערן. האָט ער דעריבער געלעבט זייער אײַנפאַך.

האָט י ר ב ע ם געטראַכט: ווען דאָס פאָלק וועט אויף די י מ י ם ־ ט ו ב י ם ווײַטער גיין אין י ר ו ש ל י ם אין דעם הייליקן טעמפּל פון יאַהאַווע, וואָס ש ל מ ה האָט דאָרטן אויסגעבויט; ווען זיי וועלן זען ווי רײַך און שיין עס לעבט דער קעניג פון י ה ו ד ה, — וועלן זיי אים צוריק מאַכן פאַר זייער קעניג, און מיך וועלן זיי נאָך דער־ה ר ג ע נ ע ן.

האָט י ר ב ע ם געמאַכט צוויי גאָלדענע קעלבער; ער האָט אויך אויסגעבויט צוויי קליינע טעמפּלען — איי־נעם אינם שטעטל ב י ת ־ א ל (בייסאייל) און דעם אַנדערן אינם שטעטל ד ן (דאָן). ער האָט אין זיי אַוועקגעשטעלט די גאָלדענע קעלבער און געזאָגט צו דעם פאָלק פון י ש ר א ל:

„דאָס איז אײַער גאָט יאַהאַווע, וואָס האָט אײַך אַרויס־גענומען פון מ צ ר י ם. צו אים זאָלט איר קומען ברענגען

אײַערע קרבנות, און אין ירושלים דאַרפֿט איר מער ניט גײן״

באַפֿעסטיקט—fortified. קרבנות—sacrifices.

# דער נביא בײַ ירבעמען.

אײנמאָל האָט ירבעם געמאַכט אַ יום־טוב אין בית־אל, און אַ גרויסער עולם פֿון ישׂראל איז געקומען צום יום־טוב.

ווען ירבעם איז געשטאַנען בײַם מזבח און געבראַכט אַ קרבן, איז צוגעקומען אַ נביא פֿון יאַ־האַווען און האָט געזאָגט: דערפֿאַר וואָס איר האָט גע־מאַכט אַ גאָלדן קאַלב און ברענגט צו אים קרבנות, וועט אַמאָל קומען אַן אומגליק אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ״.

איז ירבעם געוואָרן אין כּעס און אויפגערעגט. ער האָט אויסגעשטרעקט זײַן האַנט און אויסגעשריען: „כאַפּט אים!״. אָבער פֿון גרויס אויפרעגונג איז זײַן האַנט שטײַף געוואָרן, און ער האָט ניט געקענט מער באַוועגן מיט איר.

האָט זיך ירבעם דערשראָקן און געזאָגט צום נביא: „איך בעט דיך, מאַך, מײַן האַנט זאָל צוריק גע־זונט ווערן. און דו קום צו מיר אין הויז און עס און טרינק, און איך וועל דיר נאָך געבן שײנע מתּנות״.

האָט אים דער נביא געענטפֿערט: „דײַן האַנט

וועט צוריק געזונט ווערן; אָבער גיין צו דיר וועל איך ניט,
און עסן ביי דיר וועל איך אויך ניט".
אוי ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעגאַנגען.

שטייף—.stiff אויפגערעגט—.excited אויסגעשטרעקט—
.streched באַפעל—.order



דער נביא ביי ירבעמען.

# אַחאָב און אליהו.

נאָך ירבעמען האָבן זיך אין ישראל אָפּט געביטן קעניגן, ביז עס איז געוואָרן קעניג אײנער עמרי (אָמרי).

עמרי האָט ניט געוואָלט מער וואוינען אין דער שטאָט שכם, וואו די גענעראַלן פלעגן אָפּט מאַכן אויפ־שטאַנדן קעגן דעם קעניג. האָט ער זיך אויפגעבויט אַ נײַע הויפּטשטאָט — שומרון.

נאָך עמרין איז געוואָרן קעניג זײַן זון אַחאָב. אַחאָב האָט אויפגעהערט צו דינען צו יאַהאַוועז, דעם גאָט פון ישראל. ער האָט חתונה געהאַט מיט איזבלן (איזעוועלן), דער טאָכטער פון דעם קעניג פון פיניקיע, וואָס אין צפון פון ישראל. און איזבל האָט אײַנגעפירט אין ישראל, מ'זאָל דינען איר גאָט, דעם בעל (באַאַל), צו וועלכן מ'פלעגט ברענגען פאַר קרבנות די ערשט־געבאָרענע קינדער. זי האָט אויך געהײסן, מ'זאָל אויסהרגענען אַלע נביאים פון יאַהאַוועז.

דעמאָלט איז געקומען אײנער אַ נביא, אליהו (אײליאָהו). ער איז געווען זײער בײז אויף דעם קעניג און דער קעניגין דערפאַר, וואָס זײ לאָזן ניט דינען דעם גאָט פון ישראל, יאַהאַוועז, און הײסן דינען צום פרעמדן גאָט בעל. האָט ער אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן דעם קעניג.

אײנמאָל האָט אליהו געזאָגט דעם קעניג: „דער־פאַר וואָס דו ביסט אַזוי שלעכט, וועט אַ לאַנגע צײַט ניט גײן קײן רעגן אינם לאַנד".

און גיכן איז טאַקע געוואָרן אַ טריקעניש, וואָס האָט געדויערט גאַנצע דרײַ יאָר. אין לאַנד איז געוואָרן אַ הונ־

גער. איז דער קעניג געוואָרן זייער בייז אויף א ל י ה ו ; ער האָט געמיינט, אַז א ל י ה ו איז דאָס שולדיק, וואָס עס גייט קיין רעגן ניט. האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, מ׳זאָל כאַפּן א ל י ה ו, ווער עס וועט אים נאָר טרעפן.

איינמאָל איז אַ ח אָ ב אַרויסגעפאָרן איבערן לאַנד צו געפינען כאָטש אַ ביסל גראָז פאַר זיינע פערד. אויפן וועג איז אים געקומען אַנטקעגן א ל י ה ו.

ווי אַ ח אָ ב האָט אים דערזען, האָט ער אויסגערופן: „דאָס ביסטו דער, וואָס האָט אומגליקלעך געמאַכט י ש ר א ל!"

האָט א ל י ה ו אים געענטפערט: „ניין, ניט איך האָב אומגליקלעך געמאַכט דאָס לאַנד, נאָר דו, מיט דיינע שלעכטע מ ע ש י ם. דו האָסט א ו י ס ג ע ה ר ג ע ט די נ ב י א י ם פון יאַהאַוועז; דו לאָזסט ניט דינען צום גאָט פון י ש ר א ל, נאָר דו האָסט איינגעפירט דאָס דינען צום פרעמדן גאָט, צום ב ע ל".

„איצט הייס צונויפקלייבן דאָס פאָלק אויפן באַרג כ ר מ ל (קאַרמעל), און הייס אויך קומען אַהין די אַלע נ ב י א י ם פון ב ע ל. און מיר וועלן זען, ווער איז דער ריכטיקער גאָט פון י ש ר א ל".

האָט אַ ח אָ ב אַזוי געטאָן.

מאַכן אַן אויפשטאַנד—to revolt. טריקעניש—drought.
פיניקיע—Phoenicia. מעשים—deeds.

# אליהו הרגעט אויס די נביאים פון בעל.

ווען דאָס פאָלק און די נביאים פון בעל זײַנען געווען אויפן באַרג כרמל, האָט אליהו געזאָגט:

„אָט בין איך געבליבן אײן נביא פון אַלע נביאים פון יאַהאַווען. פון בעל זײַנען דאָ אַ סך. לאָמיר מאַכן צווײ מזבחות: איך אײנעם, זײ אײנעם. איך וועל ברענגען אַ קרבן אויף מײַן מזבח צו יאַהאַווען, און זאָלן זײ ברענגען אַ קרבן אויף זײער מזבח צום בעל. דערנאָך זאָלן זײ בעטן דעם בעל, ער זאָל אַראָפּשיקן אַ פײַער צו פאַרברענען זײער קרבן, און איך וועל בעטן יאַהאַווען, ער זאָל פאַרברענען מײַנעם. און מיר וועלן זען, וועמענס גאָט איז דער אמתער".

איז דאָס דעם פאָלק געפעלן געוואָרן.

האָבן די נביאים פון בעל אויפגעבויט אַ מזבח, אַרויפגעלײגט אויף אים אַן אָקס און גענומען שרײַען: „בעל, ענטפער אונדז, גיב אונז פײַער!"

אָבער קײנער האָט ניט געענטפערט.

דעמאָלט האָט אליהו אויפגעבויט אַ מזבח און אַרויפגעלײגט אויף אים אַ קרבן. דערווײַל האָט זיך אָנגערוקט אַ וואָלקן, און אַ בליץ האָט אַרײַנגעשלאָגן אין אליהוס מזבח, און דער קרבן איז פאַרברענט געוואָרן.

האָבן אַלע די, וואָס זײַנען דערבײַ געווען אויסגערופן: „איצט זעען מיר, אַז יאַהאַווע איז אונדזער גאָט".

האָט אליהו געזאָגט צום פאָלק: „כאַפּט די נביאים פון בעל און הרגעט זײ אויס, אַזוי ווי איזבל האָט געטאָן צו די נביאים פון יאַהאַווען".

און צו אַ ח אָ ב ן האָט ער געזאָגט: „גיי שנעל פון דאַנען, ווייל דו זעסט דאָך די בליצן און הערסט די דונערן. באַלד וועט זיין אַ גרויסער רעגן".

האָט אַ ח אָ ב זיך געזעצט אין זיין רייטוואָגן און איז אַוועקגעפאָרן אין זיין פּאַלאַץ. און דאָס פאָלק האָט אויסגעהרגעט אַלע נביאים פון ב ע ל.

אויפגעבויט—built. אָנגערוקט אַ וואָלקן—became cloudy.

# אליהו פאַרשפּרייט דעם גלויבן אין יאַהאַווען.

ווען א י ז ב ל האָט זיך דערוואוסט, וואָס א ל י ה ו האָט געטאָן צו די נ ב י א י ם פון ב ע ל, האָט זי באַפוילן, מ'זאָל א ל י ה ו ן טייטן.

האָט זיך א ל י ה ו באַהאַלטן.

אָבער א ל י ה ו ן האָט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט אָנגענומען אַזעלכע שטרענגע מיטלען אין דעם קאַמף קעגן דעם ב ע ל און פאַר יאַהאַווען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מ'דאַרף פאַרשפּרייטן דעם גלויבן אין יאַהאַווען ניט מיט שטרענגקייט, נאָר מיט מילדקייט, מיט לערנען אַנדערע.

איינמאָל איז ער געשטאַנען ביים הייליקן באַרג ח ו ר ב. ער האָט געטראַכט: „איך וואָלט אַמאָל געוואָלט זען יאַהאַווען". פּלוצים האָט אויסגעבראָכן אַ שטורעם־ווינט. אָבער א ל י ה ו האָט אין דעם שטורעם־ווינט יאַהאַווען ניט דערשפּירט. נאָכדעם איז פאָרגעקומען אַן ערד־ציטערניש, און נאָכדעם האָט אויסגעבראָכן אַ פייער. אָבער אויך אין דער ערד־ציטערניש און אין דעם פייער האָט א ל י ה ו ניט דערשפּירט יאַהאַווען. צום ס ו ף איז

פאַרבײַ אַ שטיל־שטיל ווינטל. און א ל י ה ו האָט אין
דער שטילקײַט דערשפּירט יאַהאַווען. איז ער אַוועק און
געמאַכט אײנעם פון זײַנע אָנהענגער, א ל י ש ע ן, פאַר־



א ל י ה ו וואַרפט אַרויף זײַן מאַנטל אויף א ל י ש ע ן.

דעם הויפּט־ נ ב י א פון יאַהאַווען. ער האָט אויך גע־
עפנט אַ שול פאַר נ ב י א י ם, און זײ געלערנט ווי צו
פאַרשפרײטן צווישן פאָלק דעם גלויבן אין יאַהאַווען.

שטרענג—strict. אויסגעבראָכן—broke out. פאַרשפרײטן—to spread. דערשפּירן—to feel. ערדציטערניש—earthquake. מילדקײַט—mildness.

# אַחאָב און נבות.

אַ ח אָ ב  האָט געהאַט אַ פּאַלאַץ אין דער שטאָט י ז ר ע א ל  (יִזרעעל). בײַ דעם פּאַלאַץ איז געווען אַ ווײַנגאָרטן, וואָס האָט באַלאַנגט צו אײנעם מיטן נאָמען נ ב ו ת  (נאָוועס).

האָט  אַ ח אָ ב  גערופן  נ ב ו ת ן  און אים געזאָגט: „פאַרקויף מיר דײַן ווײַנגאָרטן, ווײַל ער איז גלײַך לעבן מײַן פּאַלאַץ".

האָט אים  נ ב ו ת  געענטפערט: „איך קאָן דיר דעם ווײַנגאָרטן ניט פאַרקויפן. איך האָב אים באַקומען ב י ר ו ש ה  פון מײַן פאָטער, און איך וויל אים איבערלאָזן ב י ר ו ש ה  צו מײַנע קינדער".

האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן  אַ ח אָ ב ן, און ער איז אומגעגאַנגען אַן אומעטיקער.

האָט אים  א י ז ב ל  געפרעגט, פאַרוואָס ער איז אומעטיק און עסט ניט. האָט איר  אַ ח אָ ב  דערציילט די  מ ע ש ה.

האָט אים  א י ז ב ל  געזאָגט: „גיי, עס און טרינק. איך וועל דיר געבן דעם ווײַנגאָרטן".

האָט  א י ז ב ל  אָנגעשריבן אַ בריוו צו די עלטסטע פון  י ז ר ע א ל  און זיי געזאָגט: „דינגט צוויי פאַלשע ע ד ו ת, וואָס זאָלן זאָגן, אַז זיי האָבן געהערט, ווי  נ ב ו ת  האָט געזידלט דעם קעניג. און איר וועט דערפאַר  נ ב ו ת ן  פאַרשטײנען. און אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט, וועט אַריבער צום קעניג".

האָבן די עלטסטע פון דער שטאָט  י ז ר ע א ל  אַזוי געטאָן און האָבן פאַרוואָרפן  נ ב ו ת ן  מיט שטיינער.

דעמאָלט האָט א י ז ב ל געזאָגט אַ ח אָ ב ן: „איצט קענסטו גיין און נעמען אומזיסט דעם ווייַנגאָרטן, וואָס ער האָט דיר ניט געוואָלט געבן פאַר געלט".

איז אַ ח אָ ב געגאַנגען איבערנעמען דעם ווייַנגאָרטן. ווען ער איז אַרייַן אין ווייַנגאָרטן, האָט ער דאָרטן געטראָפן א ל י ה ו ן. און דער נ ב י א האָט געזאָגט צום קעניג: „דו האָסט אים ד ע ר ה ר ג ע ט, און איצט ווילסטו אים נאָך י ר ש ע נ ע ן. עס וועלן דעריבער הינט לעקן דייַן



א ל י ה ו און אַ ח אָ ב בייַ נ ב ו ת ן אין ווייַנגאָרטן.

בלוט אין דעם זעלבן פּלאַץ, וואו זיי האָבן געלעקט דאָס בלוט פון נ ב ו ת ן".

האָט אים אַ ח אָ ב געזאָגט: „דו, פֿײַנט מײַנער, האָסט מיך שוין ווידער געטראָפֿן!"

האָט אים אֵ ל י ה ו אויף דעם געענטפֿערט: „יאָ, איך האָב דיך ווידער געטראָפֿן, ווײַל דו טוסט אַלדאָס שלעכטס. און דעריבער וועט אויך דײַן גאַנץ הויז־געזינד אויסגע־ה ר ג ע ט ווערן, און אִ י ז ב ל ן וועלן אויפֿעסן הינט".

ווען אַ ח אָ ב האָט דאָס דערהערט, האָט ער צעריסן אויף זיך די קליידער. אָבער ער האָט ניט אויפֿגעהערט צו טאָן שלעכטס, ווי ביז דעמאָלט.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט אַ ח אָ ב אָנגעהויבן אַ מ ל ח מ ה מיט אֲ ר ם (אַראַם), אַ לאַנד, וואָס איז אויך געווען אין צ פ ו ן פֿון י ש ר א ל. און איינער פֿון די רײַטער פֿון אֲ ר ם האָט אַ צי געטאָן זײַן בויגן און אויס־געשאָסן. האָט די פֿײַל געטראָפֿן אַ ח אָ ב ן.

האָט אַ ח אָ ב געהייסן דעם טרײַבער פֿון זײַן רײַט־וואָגן, ער זאָל אים אַוועקפֿירן פֿון שלאַכטפֿעלד, ווײַל ער איז פֿאַרוואונדעט. האָט מען אַוועקגעפֿירט אַ ח אָ ב ן אין נ ב ו ת ע ס ווײַנגאַרטן, וואָס איז געווען דערבײַ. און אין אָוונט איז אַ ח אָ ב געשטאָרבן.

און ווען מ'האָט אויסגעוואַשן אַ ח אָ ב ס רײַטוואָגן, האָבן הינט געלעקט אַ ח אָ ב ס בלוט דאָרט, וואו הינט האָבן אַמאָל געלעקט נ ב ו ת ע ס בלוט, ווען מ'האָט אים פֿאַרשטיינט.

באַקומען בירושה—inherited. געזידלט—cursed. פֿאַרשטיינען—to kill by trowing stones. ירשנען—to inherit. לעקן—to lick. טרעפֿן—to get.

# אליהו פאַרשווינדט.

איינמאָל איז אליהו געגאַנגען מיט אלישען. האָט אליהו געזאָגט אלישען: „דו קאָנסט בלייַבן דאָ, און איך וועל גיין ווייַטער”.

האָט אלישע געענטפערט: „איך וועל דיך ניט פאַרלאָזן”. און זיי זייַנען געגאַנגען ווייַטער צוזאַמען.

אויפן וועג זייַנען זיי געקומען אַנטקעגן יונגע נביאים. זאָגן זיי צו אלישען: „איז דאָס אמת, אַז אונדזער האַר גייט פון אונדז הייַנט אַוועק?”

האָט אלישע זיי געענטפערט: „דאָס איז אמת, אָבער רעדט ניט וועגן דעם”.

ווען אליהו איז געקומען צום ירדן, האָט ער ווידער פּרובירט בעטן אלישען פאַרבלייַבן; אָבער יענער האָט ניט געוואָלט. זייַנען זיי ביידע אַריבער דעם ירדן.

פּלוצלונג האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורעם-ווינט; ער האָט אַ ריס געטאָן אליהון און האָט אים ערגעץ פאַרטראָגן. אלישע האָט דאָס געזען און האָט געשריען: „פאָטער, פאָטער! פירער פון ישראל!” אָבער באַלד איז אליהו פאַרשוואונדן.

האָט אלישע צעריסן אויף זיך די קליידער און האָט זיך אומגעקערט צו די יונגע נביאים. אויפן וועג האָט ער געפונען אליהוס מאַנטל. האָט ער אים גענומען און איז אַריבער דעם ירדן.

ווען ער איז געקומען צו די יונגע נביאים, האָט ער זיי דערציילט, אַז אליהו איז פאַרטראָגן געוואָרן

פון אַ ווינט. האָבן זײ געזאָגט: „מיר וועלן גײן און אויפֿ־זוכן אים".

זײַנען זײ אַריבער דעם י ר ד ן און געזוכט א ל י ה ו ן גאַנצע דרײַ טעג, אָבער זײ האָבן אים ניט געפֿונען.

האַר—lord. פּרובירט—tried. אַ רים געטאָן—caught, lifted up. פֿאַרטראָגן—carried away. פֿאַרשוואונדן—disappeared.

## פ ר אַ ג ע ס :

וואו ליגט י ה ו ד ה און וואו י ש ר א ל ?

ווען האָבן די עלטסטע פֿון די צען ש ב ט י ם אין צ פֿ ו ן פֿון לאַנד געמאַכט פֿאַר זײער קעניג ?

וועלכע שטאָט איז געוואָרן די הויפּטשטאָט פֿון י ש ר א ל ?

וואָס האָט י ר ב ע ם געטאָן, אַז די אײַנוואוינער פֿון י ש ר א ל זאָלן ניט גײן אין י ר ו ש ל י ם אויף די י מ י ם ־ ט ו ב י ם ?

פֿאַרוואָס האָט ע מ ר י זיך אויפֿגעבויט אַ נײַע הויפּטשטאָט ?

ווער איז געווען א י ז ב ל ?

ווי איז זי זיך באַגאַנגען מיט די, וואָס האָבן געדינט יאַהאַווען ?

ווער האָט זיך דעמאָלט אָנגענומען פֿאַר די אָנהענגער פֿון יאַהאַ־ווען ?

ווי האָט א ל י ה ו געפֿירט דעם קאַמף קעגן דעם ב ע ל ?

פֿאַרוואָס האָט נ ב ו ת ניט געוואָלט געבן אַ ח אָ ב ן זײַן ווײַנגאָרטן ?

ווי האָט א י ז ב ל געקראָגן נ ב ו ת ע ס ווײַנגאָרטן פֿאַר אַ ח אָ ב ן ?

ווי האָט א ל י ה ו באַגעגנט אַ ח אָ ב ן, ווען יענער איז גע־קומען איבערנעמען נ ב ו ת ע ס ווײַנגאָרטן ? וואָס האָט ער דערבײַ געזאָגט ?

וואָס האָט א ל י ה ו געטאָן צו פֿאַרשפּרײטן צווישן פֿאָלק דעם גלויבן אין יאַהאַווען ?

ווען האָט ער באַשטימט פֿאַר אַ הויפּט־נ ב י א נאָך אים ?

# יהואס אויפשטאַנד.

נאָך אַחאָבן איז קעניג פון ישראל געוואָרן זײַן זון יהורם (יעהויראָם). ער איז געגאַנגען אין די וועגן פון זײַן פאָטער און האָט געטאָן אַלדאָס שלעכטס.

און אלישע האָט געוואוסט, אַז אײנער פון יהורמס גענעראַלן, יהוא (יעיהו), איז אַ גרויסער אָנהענגער פון יאַהאַוועז. האָט ער באַשלאָסן פאָדערן פון יהואן, ער זאָל מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן יהורמען.

האָט אלישע אײנמאָל גערופן צו זיך אַ יונגן נביא און אים געזאָגט: „נעם אַ קריגעלע מיט בוימל, גײ אין דעם פּלאַץ, וואו יהוא געפינט זיך, רוף אים דאָרט אַרויס פון צווישן די אַנדערע גענעראַלן, ברענג אים אַרײַן אין אַ באַזונדער צימער און זאַלב אים דאָרטן מיטן בוימל פאַר אַ קעניג פון ישראל. דערנאָך אַנטלויף פון דאָרטן”.

איז דער־יונגער נביא געגאַנגען און האָט געטראָפן יהואן, ווי ער זיצט, צווישן די אַנדערע קריגסהאַרן. זאָגט ער: „גענעראַל, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן!”

פרעגט יהוא: „וועמען פון אונדז דאַרפסטו?”

זאָגט דער נביא: „טאַקע דיך!”.

איז יהוא אויפגעשטאַנען, און זײ זײַנען אַרײַן אין הויז.

האָט דער נביא אַרויפגעגאָסן יהואן דאָס בוימל אויפן קאָפּ און געזאָגט: „דערמיט ווערסטו געזאַלבט פאַר קעניג פון ישראל. און דו זאָלסט אויסראָטן די גאַנצע משפּחה פון אַחאָבן צוליב דעם בלוט, וואָס ער און איזבל האָבן פאַרגאָסן”.

אָפּגערעדט, געעפנט די טיר און אַנטלאָפן.

ווען יהוא איז אַרויס צו די אַנדערע גענעראַלן, האָבן

זיי אים געפרעגט: „עפּעס נײַעס, י ה ו א?"

האָט זיי י ה ו א געזאָגט: „איר ווייסט דאָך: אַ משוגענער רעדט משוגענע רייד".

אָבער ווען די גענעראַלן זײַנען באַשטאַנען, ער זאָל זיי דערציילן, וואָס דער נ ב י א האָט אים געזאָגט, האָט ער זיי דערציילט: „ער האָט מיך געזאַלבט פאַר קעניג פון י ש ר א ל".

זײַנען די אַלע קריגסהאַרן אויפגעשטאַנען, אויסגעטאָן זייערע מאַנטלען, אַרויפגעלייגט זיי אײנעם אויפן אַנדערן, אַרויפגעזעצט אויף דעם י ה ו א ן און אויסגערופן: „זאָל לעבן י ה ו א דער קעניג!"

האָט י ה ו א געמאַכט אַ בונט קעגן י ה ו ר מ ע ן, דעם קעניג פון י ש ר א ל, און האָט אים ד ע ר ה ר ג ע ט. דערנאָך האָט ער א ו י ס ג ע ה ר ג ע ט די גאַנצע משפּחה פון אַ ח אַ ב ן. און א י ז ב ל ן האָט מען אויך ד ע ר ה ר ג ע ט, און הינט האָבן זי צעריסן.

נאָכדעם האָט י ה ו א א ו י ס ג ע ה ר ג ע ט אַלע נ ב י א י ם און כ ו ה נ י ם פונם ב ע ל, ווי אויך אַלע די, וואָס האָבן געדינט צום ב ע ל. און ער האָט אײַנגעפירט, מ'זאָל אין גאַנץ י ש ר א ל דינען בלויז יאַהאָווען, דעם גאָט פון י ש ר א ל.

| | | |
|---|---|---|
| זאַלבן—to anoint. | באַשטאַנען—insisted. | בונט—revolt. |
| משוגענער—insane. | אויסראָטן—to exterminate. | צעריסן—tore apart. |

# ירבעם דער צווייטער.

י ה ו א ס אײניקל, י ר ב ע ם דער צווייטער, איז געווען אײנער פון די שטאַרקסטע קעניגן פון י ש ר א ל. ער

האָט צעשלאָגן  אַ ר ם  און אָפּגענומען ביי זיי די שטעט, וואָס זיי האָבן אַמאָל געהאַט צוגענומען ביי  י ש ר א ל.

אין זיין צייט זיינען די האַנדלס־וועגן צווישן די צוויי גרויסע לענדער, אַ ש ו ר און מ צ ר י ם דורכגעגאַנגען דורך י ש ר א ל. אַ  ס ך אייַנוואוינער פון י ש ר א ל האָבן אָנגעהויבן צו האַנדלען און זיינען רייך געוואָרן. זיי האָבן זיך געבויט גרויסע רייכע הייזער; האָבן זיך אָנגע־טאָן אין פיינע קליידער און האָבן געטרונקען די בעסטע וויינען.

און דער קעניג פון י ש ר א ל האָט אַרויפגעלייגט אויף דעם פ ש ו ט ן פאָלק, אויף די פּויערים, שווערע שטייערן און געצאָלט הויכע געהאַלטן צו זיינע באַאַמטע, זיי זאָלן אויך קאָנען לעבן רייך.

די אָרימע פּויערים פלעגן אָפטמאָל דאַרפן לייען געלט ביי די רייכע לייט, כדי צו האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן די שטייערן. און ווען זיי האָבן ניט געהאַט קיין געלט אומ־צוקערן אין צייט, פלעגט מען ביי זיי אָפּנעמען די פעל־דער און אַמאָל אַפילו צונעמען זייערע זין פאַר קנעכט און זייערע טעכטער פאַר דינסטן.

האַנדלס־וועגן—trade routes. אייַנוואוינער—inhabitants.
פּשוט—plain, humble.

# עמוס.

אין יענער צייט האָט אין דעם צווייטן יידישן לאַנד, אין י ה ו ד ה, געלעבט אַ  נ ב י א. זיין נאָמען איז געווען ע מ ו ס (אָמוים). ער איז געווען אַ פּאַסטוך. ער האָט גע־גלויבט, אַז יאַהאַווע איז דער איינציקער גאָט אויף דער וועלט, און אַז ער, יאַהאַווע, קען ניט פאַרליידן קיין אומ־רעכט.

ע מ ו ס האָט געהערט, אַז די פּויערים אין י ש ר א ל לעבט זיך שלעכט. איז ער אַריבערגעגאַנגען אין י ש ר א ל, ווייל ער האָט געוואָלט זען מיט די אייגענע אויגן, צי דאָס איז א מ ת. האָט ער געזען, אַז די פּויערים לעבן דאָרטן טאַקע זייער אָרים, און די רייכע הענדלער לעבן אין לוקסוס, עסן און טרינקען.

האָט דאָס ע מ ו ס ן פאַרדראָסן. ער איז געוואָרן בייז און האָט אין נאָמען פון יאַהאַווען נ ב י א ו ת געזאָגט אַזוי:

— הערט צו דאָס וואָרט פון יאַהאַווען די אַלע, וואָס באַרויבן די אָרימע. און אויך איר, אָפּגעפרעסענע ווייבער, וואָס זאָגן צו זייערע מענער: „ברענגט, און מיר וועלן טרינקען". אַזוי זאָגט יאַהאַווע: עס וועלן אָנקומען שווערע טעג אויף אייך. מ'וועט אייך אַוועקפירן אין שיפן און די לעצטע פון אייך אין שיפלעך און מ'וועט אייך פאַרקויפן אין פרעמדע לענדער".

אַ צווייט מאָל האָט ער געזאָגט: „איר זינדיקט און טוט שלעכטס. און אויף מאָרגן ברענגט איר אייערע ק ר ב נ ו ת און מיינט, אַז איר ווערט ריין. דערפאַר, זאָגט יאַהאַווע, וועט אָנקומען אַ הונגער אויף אייך. דריי ח ד ש י ם פאַרן שניידן וועט קיין רעגן ניט גיין. און עס וועלן גיין צוויי־דריי שטעט אין איינער טרינקען וואַסער, און זיי וועלן ניט שטילן זייער דאָרשט".

איין מאָל איז ע מ ו ס געקומען אין דער שטאָט ב י ת־ א ל (בייס-אייל), וואו עס איז געווען אַ טעמפּל. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם הערבסט־ י ו ם ־ ט ו ב. דער פאַרזאַמלטער ע ו ל ם איז געווען פריילעך, ווייל גאָר ניט לאַנג האָט י ש ר א ל געהאַט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג איבער אַ ר ם.

האָט זיך ע מ ו ס אַוועקגעשטעלט און מיט אַן אומעטיקן ק ו ל געדעדט: אַזוי זאָגט יאַהאַווע: „איך וועל ניט מ ו ח ל זײַן דעם פאָלק י ש ר א ל, פאַר די אַלע שלעכטע זאַכן, וואָס זיי טוען. זיי וועלן באַקומען זייער שטראָף. און אויף דעם הויז פון י ר ב ע מ ע ן וועל איך אויפשטיין מיטן שווערד".

דער כ ו ה ן פון ב י ת ־ א ל האָט געהערט די רייד. האָט ער געשיקט זאָגן דעם קעניג: „ע מ ו ס מאַכט אַ בונט קעגן דיר. דאָס לאַנד קאָן שוין ניט פאַרטראָגן זײַנע רייד".

און ע מ ו ס ן האָט ער געזאָגט: „גיי דיר צוריק אין י ה ו ד ה. דאָרטן עס דײַן ברויט און דאָרטן זאָג דײַנע נ ב י א ו ת. אָבער אַהער, אין ב י ת ־ א ל, קום נישט מער".

האָט אים ע מ ו ס געענטפערט: „איך בין ניט קיין נ ב י א. איך בין אַן איינפאַכער פאַסטוך. האָט מיך יאַהאַווע גענומען פון הינטער די שעפסן און געהייסן גיין נ ב י א ו ת זאָגן אויף דעם פאָלק י ש ר א ל".

„און איצט הערט צו די אַלע, וואָס ווילן אײַנשלינגען דעם אָרימאַן; וואָס זײַנען גרייט צו פאַרקויפן דעם אָרימאַן פאַר אַ פאָר שיך. יאַהאַווע שווערט, אַז ער וועט אייביק ניט פאַרגעסן אײַערע שלעכטע און מ י א ו ס ע מ ע ש י ם. עס וועט די זון אונטערגיין אין מיטן טאָג און אין מיטן ליכטיקן טאָג וועט ווערן פינצטער איבערן לאַנד. פון אײַערע י מ י ם ־ ט ו ב י ם וועלן ווערן טרויער־טעג און פון אײַערע געזאַנגען אַ קלאָג־ליד".

און צום כ ו ה ן האָט ער געזאָגט: „און דיר זאָג איך: דײַנע זין און טעכטער וועלן פאַלן דורכן שווערד, און דו

אַלײן װעסט שטאַרבן אױף פֿרעמדער ערד. און י ש ר א ל װעט פֿאַרטריבן װערן פֿון זײַן לאַנד״.

פֿאַרלײַדן—to bear.   אָפּגעפּרעסענע—fat.   אומרעכט—injustice.   אײַנשלינגען—to swalow up.

# ישראל פֿאַלט.

דער לעצטער קעניג פֿון י ש ר א ל איז געװען אײנער מיטן נאָמען ה ו ש ע (הױשײַע). נאָך פֿאַר אים איז געװאָרן זײער גרױס און שטאַרק דאָס לאַנד אַ ש ו ר, װאָס צװישן די גרױסע טײַכן טיגער און פּ ר ת (פּראָס). די קעניגן פֿון אַ ש ו ר האָבן געװאָלט אײַננעמען דאָס לאַנד מ צ ר י ם, און זײ האָבן זיך אַלץ נענטער גערוקט צו איר און דערװײַל אײַנגענומען די אַלע קלענערע לענדער, װאָס זײַנען געװען אױף דעם װעג.

אין דער צײַט פֿון ה ו ש ע ן איז דער קעניג פֿון אַ ש ו ר מיט אַ גרױסער אַרמײ געקומען אין י ש ר א ל. ער האָט גענומען געפֿאַנגען דעם קעניג ה ו ש ע ן, און באַלאַגערט די הױפּט־שטאָט — ש ו מ ר ו ן.

נאָך אַ באַלאַגערונג פֿון דרײַ יאָר האָט ער די שטאָט אײַנגענומען. דעמאָלט האָט ער גענומען די אַלע אײַנװױנער פֿון י ש ר א ל און זײ פֿאַרטריבן אין אַנדערע װײַטע לענדער און זײ דאָרטן באַזעצט.

אַ טײל פֿון די פֿאַרטריבענע האָבן זיך שפּעטער צוריקגעקערט אין דעם צװײטן ייִדישן לאַנד י ה ו ד ה. און די איבעריקע האָבן זיך אױסגעמישט מיט די אַנדערע ניט־ייִדישע פֿעלקער װאָס אַרום זײ און זײַנען פֿאַרשװוּנדן געװאָרן װי ייִדן; און מע װײס ביז הײַנטיקן טאָג ניט, װאו זײ זײַנען אַהינגעקומען.

אויף דעם אָרט פון די אײַנוואוינער פון  י ש ר א ל האָט דער קעניג פון  אַ ש ו ר  געבראַכט מענטשן פון די אַרומיקע לענדער און זײ דאָרטן באַזעצט. די דאָזיקע נײַע אײַנוואוינער האָבן באַקומען דעם נאָמען שוימרוינים, לויט דעם נאָמען פון דער הויפּטשטאָט  ש ו מ ר ו ן. זײ האָבן געדינט צו זײערע געטער, וואָס זײ האָבן געבראַכט מיט זיך, אָבער זײ האָבן אויך געדינט צו יאַהאַווען, דעם גאָט פון דעם לאַנד  י ש ר א ל. אַזוי זײַנען זײ געוואָרן האַלבע ייִדן.

געפאַנגען—captured. באַלאַגערט—besieged. באַזעצט—settled. אויסגעמישט—mixed, assimilated.

## פ ר אַ ג ע ס :

פאַרוואָס האָט  א ל י ש ע  געזאַלבט  י ה ו א ן  פאַר קעניג פון  י ש ר א ל ?

פאַרוואָס זײַנען אַ סך פון  י ש ר א ל  געוואָרן רײַך אין די צײַטן פון  י ר ב ע ם  דעם צווייטן ?

ווי האָבן געלעבט די פּויערים אין  י ש ר א ל ?

ווער איז געווען  ע מ ו ס ? פאַרוואָס איז ער געקומען אין  י ש ר א ל ?

וואָסער פאָלק האָט אײַנגענומען  י ש ר א ל ?

וואָס איז געוואָרן מיט די אײַנוואוינער פון  י ש ר א ל, וואָס זײַנען פאַרטריבן געוואָרן ?

ווען האָט דער קעניג פון אַשור געבראַכט אין  י ש ר א ל ?

# דאָס קעניגרייך יהודה.

## דאָס לאַנד פון יהודה.

נאָך דער צעשפּאַלטונג פון דער מלוכה איז רחבעם געוואָרן קעניג בלויז פון יהודה, וואו ירושלים איז געווען די הויפּטשטאָט. נאָך אים זענען אַלע קעניגן פון יהודה געווען פון דודס הויז.

צוערשט זײַנען די קעניגן פון יהודה געווען צע־קריגט מיט די קעניגן פון ישראל, און זיי פלעגן פון צײַט צו צײַט אפילו פירן מלחמות צווישן זיך. אָבער אין דער צײַט פון אחאבן האָט דער קעניג פון יהודה געשלאָסן אַ בונד מיטן קעניג פון ישראל. און אַלס צייכן פון פרײַנטשאַפט האָט ער גענומען אַחאָבס אַ שוועסטער, עתליהן (אסאליען), פאַר אַ ווײַב.

ווען יהוא האָט געמאַכט זײַן אויפשטאַנד קעגן אַחאָבס זון, האָט ער אויך דערהרגעט דעם קעניג פון יהודה, עתליהס זון, וואָס איז געווען צו גאַסט בײַם קעניג פון ישראל. דעמאָלט האָט עתליה אויסגעהרגעט אַלע מיטגלידער פונם קעניגס הויז און איז אַליין געוואָרן קעניגין איבער יהודה.

אָבער אין דער צײַט, ווען מ'האָט אויסגעהרגעט אַלע קעניגלעכע זין, האָט אַ שוועסטער פונם קעניג אַרויסגעגנבעט דעם קעניגס אַ קליין יינגעלע און אים באַהאַלטן אינם הויז פונם כוהן אין דעם טעמפּל פון ירושלים. ווען דאָס קינד, יהואָש (יעהויאַש), איז

אַלט געוואָרן זיבן יאָר, האָט דער כּ ו ה ן זיך צונויפגע־
רעדט מיט די פירער פון דער וואַך פון טעמפּל און זיי
האָבן אים דערקלערט פאַרן קעניג פון י ה ו ד ה; און
ע ת ל י ה ן האָבן זיי ד ע ר ה ר ג ע ט.

י ה ו אָ ש און די, וואָס זײַנען געווען קעניגן נאָך אים,
האָבן געשטיצט דעם הייליקן טעמפּל פון יאַהאַווען, וואָס
ש ל מ ה האָט אויפגעבויט; זיי האָבן אים פאַרריכט,
ווען עס איז נייטיק געווען, און פלעגן אין אים ברענגען
ק ר ב נ ו ת.

געראַטעוועטע—saved. צעשפּאַלטונג—division. וואַך—guard.

# חזקיהו.

באַלד נאָכדעם, ווי אַ ש ו ר האָט פאַרטריבן די אײַנ־
וואוינער פון י ש ר א ל, איז אין י ה ו ד ה געווען קעניג
ח ז ק י ה ו (כיזקיאָהו). ער איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענ־
גער פון דעם יידישן גאָט יאַהאַווע; ער האָט טײַער גע־
האַלטן זײַן טעמפּל אין י ר ו ש ל י ם און האָט אַ פּ י ל ו
צעבראָכן די אַלע הייליקע פּלעצער אויסער י ר ו ש ל י ם.
נאָכדעם ווי דער קעניג פון אַ ש ו ר האָט אײַנגענומען
י ש ר א ל, האָט ער זיך אַרוק געטאָן אויף י ה ו ד ה. האָט
דער קעניג פון י ה ו ד ה זיך אונטערגעגעבן צו אַ ש ו ר
און צוגעשטימט צו געבן אים אַ ס ך גאָלד און זילבער
און צו צאָלן אים אַ יערלעכן צינז.

אָבער אין אַ ביסל צײַט אַרום איז צוגעקומען צו
י ר ו ש ל י ם אַ קריגספירער פונם קעניג פון אַ ש ו ר
מיט אַ גרויסער אַרמיי. ער האָט געשיקט רופן דעם קעניג
ח ז ק י ה ו. זײַנען אַרויס צו אים די הויפּט־באַאַמטע פונם

קעניג. און דער אַשורישער גענעראַל האָט געזאָגט צו זיי און צו די אַנדערע ייִדן, וואָס זײַנען געשטאַנען אויפן וואַנט פון שטאָט, אַזוי:

„גייט, זאָגט אײַער קעניג: אויף וועמען פאַרלאָזסטו זיך, וואָס דו רעדסט וועגן פרידן און אַליין גרייטסטו זיך צו מלחמה? וויפיל זײַט איר? ווען מיר וועלן אײַך געבן צוויי טויזנט פערד, וועט איר דאָך פאַר זיי קיין רײַטער ניט האָבן. זאָל אײַך ניט אײַנרעדן חזקיהו, אַז אײַער גאָט יאַהאָווע וועט אײַך העלפן, און אַז ער וועט ניט לאָזן אַרײַנפאַלן די שטאָט אין אונדזערע הענט. וואו זײַנען געווען די געטער פון די אַנדערע שטעט, וואָס מיר האָבן אײַנגענומען? האָבן זיי געראַטעוועט יענע שטעט? קומט דערפאַר אַרויס צו אונדז; וועט יעדער איינער פון אײַך לעבן אין פרידן. און שפּעטער וועלן מיר אײַך צו־נעמען פון דאַנען און באַזעצן אין אַ לאַנד, ווי אײַערס, און איר וועט דאָרטן לעבן".

האָבן די ייִדן געהערט און געשוויגן.

און די באַאַמטע פונם קעניג האָבן זיך צוריקגעקערט און דערציילט דעם קעניג, וואָס דער גענעראַל פון אַשור האָט געזאָגט.

זיך אונטערגעגעבן—surrendered.

# ירושלים באַפרייט.

אין חזקיהוס צײַטן איז אין ירושלים געווען אַ נביא, ישעיה (יעשאַיע). דאָס איז געווען איינער פון די גרעסטע ייִדישע נביאים; איינער פון די שענסטע מענטשן, פון די בעסטע רעדנער און פון די פײַנסטע פּאָעטן, וואָס זײַנען ווען עס איז געווען אויף דער וועלט.

האָט חזקיהו געשיקט צו ישעיה דעם נביא
פרעגן, וואָס צו טאָן.

האָט ישעיה געענטפערט די דינער פונם קעניג:
„גייט און זאָגט חזקיהון, ער זאָל קיין מורא ניט
האָבן און ניט צוהערן זיך צו די זידלווערטער פון די יונגען
פונם קעניג פון אַשור. דער קעניג פון אַשור וועט
ניט אַרײַנקומען אין ירושלים און וועט אַפילו ניט
אַרײַנשיסן אין איר קיין פײַל. באַלד וועט ער דערהערן אַ
קלאַנג, וועט ער זיך אומקערן צו זיך אין לאַנד, און דאָרטן
וועט ער אומקומען פון שווערד“.

און אַזוי איז טאַקע געווען. אין גיכן האָט דער קעניג פון
אַשור דערהערט, אַז בײַ אים אין לאַנד גופא האָט מען
געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן אים. האָט ער זיך אויפגע-
הויבן און איז אויף שנעל אַוועק פון ירושלים. און
אין גיכן איז אויך זײַן גאַנצע אַרמײ אַוועק פון יהודה,
און דאָס ייִדישע לאַנד האָט זיך באַפרײַט פון דער מורא
פאַר אַשור.

זידל־ווערטער—mean words.
פאַרלאָזן זיך—to rely.
אומקומען—to perish.

# ישעיהו און זײַנע נביאות.

ישעיה איז געווען אײנער פון די גרעסטע
נביאים בײַ ייִדן. די שפּראַך, אין וועלכער ער האָט
גערעדט און געשריבן, איז וואונדערלעך שײן און רײַך.
ער האָט געשטאַמט פון דער קעניגלעכער פאַמיליע. ער
האָט ליב געהאַט זײַן פאָלק. ווען ער האָט געזען, אַז די
ייִדן טוען שלעכטס, האָט ער זײ געשטראָפט. און ווען

די יידן זײַנען געווען אין אַ צ ר ה, האָט ער זיי געטרייסט און זיי צוגעזאָגט מוט.

י ש ע י ה איז געווען קעגן מ ל ח מ ה, קעגן פאַרגיסן בלוט. ער האָט ג ע ח ל ו מ ט וועגן אַ צײַט, ווען צווישן מענטשן וועט הערשן שטענדיקער פרידן.

ווען אַ ש ו ר איז אַוועק פון י ה ו ד ה, האָט י ש ע י ה אַזוי נ ב י א ו ת געזאָגט:

„און עס וועט קומען אַ צײַט, ווען די מענטשן וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראײַזנס און זייערע שפּיזן אויף שנײַדמעסערס. איין פאָלק וועט מער ניט אויפהייבן קיין שווערד קעגן אַ צווייטן און זיי וועלן מער ניט לערנען צו גיין אין קריג".

י ש ע י ה האָט אויך ג ע ח ל ו מ ט וועגן אַ צײַט, ווען עס וועט זײַן פרידן צווישן אַלע מענטשן. ווען מענטשן שטאַרקע און שוואַכע וועלן לעבן אין פרידן און ניט אונטערדריקן איינע די אַנדערע.

ער האָט דעם דאָזיקן געדאַנק אויסגעדריקט אויף אַזאַ א ו פ ן: „און אַ וואָלף וועט וואוינען צוזאַמען מיט אַ שעפעלע און אַ לעמפּערט מיט אַ ציגעלע, און אַ קו און אַ בער וועלן זיך פיטערן צוזאַמען; צוזאַמען וועלן זיך האָדעווען זייערע קינדער. און אַ לייב אַזוי ווי אַן אָקס וועט עסן שטרוי, און אַ קאַלב און אַ לייב און אַן אָקס וועלן זײַן צוזאַמען און אַ קליין ייִנגעלע וועט זיי פירן".

י ש ע י ה איז אויך אַרויסגעטראָטן קעגן די, וואָס טוען שלעכטס און דערנאָך גייען זיי אין טעמפּל און ברענגען אַ ק ר ב ן און מיינען, אַז דערמיט האָבן זיי זיך אָפּגעריייניקט פון זייערע זינד. ער זאָגט זיי אין נאָמען פון יאַהאַווען:

„ווער בעט אײַך קומען טרעטן מײַנע הויפן? איך בין

זאָט מיט די אַלע קרבנות אײַערע. ברענגט מיר ניט קיין פאַלשע מתנות; ווען איר רײכערט פאַר מיר פאַרפומען, עקלט מיך פון דעם. וואַשט זיך, טוט אָפּ אײַערע שלעכטע מעשים, לערנט זיך טאָן גוטס. נעמט זיך אָן פאַר דער אלמנה און דעם יתום".

אַזוי האָט ישעיה געלערנט דאָס פאָלק און געוויזן אים די ריכטיקע וועגן, אויף וועלכע עס זאָל גײן.

געחלומט—dreamt. לעמפערט—leopard. פיטערן—to graze. טרעטן—to tread, to walk on. רײכערן פאַרפומען—to burn incense. עס עקלט מיך—I'm disgusted.

# יאשיהו און דאָס בוך פון דער תורה.

ווען דער קעניג פון יהודה איז געווען חזקיהוס אוראײניקל, יאשיהו, האָט ער געהײסן, מ'זאָל אָפּשאַפן איבערן גאַנצן לאַנד אַלע געצן און אויפהערן צו דינען צו זײ, און מ'זאָל דינען בלויז צו יאַהאַווען, דעם אײנציקן יידישן גאָט. ער האָט אויך געהײסן, מ'זאָל פאַרריכטן דעם הײליקן טעמפּל, וואָס איז געוואָרן אַלט.

אײנמאָל, ווען דעם קעניגס סעקרעטאַר איז געווען אין טעמפּל, האָט דער כהן אים דערלאַנגט אַ בוך און געזאָגט, אַז ער האָט עס געפונען אין אײנעם פון די צימערן פון טעמפּל.

ווען דער סעקרעטאַר האָט געבראַכט דאָס בוך צום קעניג און אים פאָרגעלײענט פון דעם, האָט זיך דער קעניג דערשראָקן און איז געוואָרן טרויעריק.

אין דעם בוך איז געשטאַנען, אַז געשריבן האָט עס משה. אין דעם בוך זײַנען געווען געזעצן, ווי די יידן דאַרפן זיך פירן. און עס איז דאָרט אויך געשטאַנען, אַז

אויב די ייִדן וועלן אָפּהיטן די געזעצן, וועט זײַ יאַהאַווע בענטשן; און אויב זײַ וועלן די געזעצן ניט אָפּהיטן, וועט זײַ יאַהאַווע באַשטראָפן און פאַרטרײַבן פון זײַער לאַנד.



יאשיהו הערט דאָס לײַענען פֿון דער תורה.

דער קעניג האָט געזען, אַז די ייִדן היטן ניט אָפּ די געזעצן, וואָס שטײַען אין דעם בוך. האָט ער זיך דער־שראָקן און באַשלאָסן צו מאַכן אַ גרויסע ענדערונג אין דעם לעבן פון די ייִדן.

ער האָט פאַררופן אין ירושלים אַלע ייִדן; ער האָט פאַר זײַ געלאָזט פאָרלײַענען דאָס געפונענע בוך,

משהס תורה. און אַלע פאַרזאַמלטע האָבן גענומען אויף זיך אָפּצוהיטן די אַלע געזעצן פון דער תורה.

דער קעניג האָט דעמאָלט געהייסן, מ׳זאָל פון דאַן אָן און ווייטער דינען צו יאַהאַווען בלויז אין דעם טעמפּל אין ירושלים און מ׳זאָל אָפּהיטן אַלע געזעצן פונם בוך.

צום באַדויערן, האָט יאשיהו נאָכדעם, ווי ער האָט איינגעפירט די דאָזיקע ענדערונגען אין לאַנד, געלעבט ניט לאַנג. ווייל דער קעניג פון מצרים האָט דעמאָלט אָנגעהויבן אַ מלחמה מיט אַשור, און ער האָט געבעטן, אַז יאשיהו זאָל דורכלאָזן זיין אַרמיי דורך יהודה.

יאשיהו האָט ניט געוואָלט איינרייסן זיך מיט אַשור און האָט ניט געוואָלט לאָזן מצרים דורכגיין דורך זיין לאַנד. האָבן די מצרים געשאָסן אויף אים און אים געטויט.

אוראייניקל—great grandchild. געץ—idol.

## פראַגעס:

פון וועמעס הויז זיינען געווען די קעניגן אין יהודה?

וואָס איז געווען מיט יהודה נאָכדעם, ווי אַשור האָט איינגענומען ישראל?

ווי אַזוי האָט זיך ירושלים באַפרייט פון דעם קעניג פון אַשור?

ווער האָט פאָרויסגעזאָגט דעם קעניג חזקיהו, אַז אַשור וועט אַוועק פון ירושלים?

וואָס איז געווען דער אידעאַל פון ישעיהו וועגן שלום?

לערן אויס אויף אויסווייניק ישעיהס נבואה וועגן אייביקן שלום.

וואָס פאַר אַ בוך האָט מען געפונען אין טעמפּל אין די צייטן פונם קעניג יאשיהו?

וואָס פאַר נייע זאַכן האָט איינגעפירט יאשיהו נאָכדעם, ווי מ׳האָט געפונען דאָס בוך?

ווי אַזוי איז יאשיהו געשטאָרבן?

# יהודה אונטער בבל און צדקיהו.

אַרום יענער צײַט איז אײנס פון די לענדער, איבער וועלכן אשור האָט געהערשט, דאָס לאַנד בבל (באַוועל), אויפגעשטאַנען קעגן איר. נאָך אַ לאַנגן קאַמף האָט בבל באַזיגט אַשור. דער קעניג פון אַשור האָט זיך פאַר־שפאַרט מיט זײַן גאַנץ הויזגעזינד אין זײַן פאַלאַץ און האָט געלאָזט דעם פאַלאַץ אונטערצינדן. זײַנען זײ אַלע דאָרט פאַרברענט געוואָרן.

און דער קעניג פון בבל האָט ביסלעכווײַז אײַנגע־נומען אַלע לענדער, איבער וועלכע אַשור האָט פריער געהערשט, ביז ער איז געקומען קיין יהודה. אין ירושלים איז דעמאָלט געווען קעניג נאָך גאָר אַ יונגער־מאַן, יהויכין (יעהויאָכין). ער איז אַרויס צום קעניג פון בבל, אים באַגריסט און צוגעזאָגט אים צו דינען.

אָבער דער קעניג פון בבל האָט אים ניט געטרויט. האָט ער גענומען געפאַנגען דעם יונגן קעניג פון יהודה, צוזאַמען מיט זײַן גאַנצער משפחה און מיט אַלע די מענטשן פון ירושלים, וואָס האָבן געקאָנט מאַכן געווער. און פאַר אַ קעניג פון יהודה האָט ער באַשטימט דעם קעניגס אַ פעטער, צדקיהו (צידקיאָהון).

עטלעכע יאָר צײַט איז צדקיהו געווען טרײַ דעם קעניג פון בבל. אָבער ביסלעכווײַז האָבן זײַנע האַרן אָנגעהויבן צורײדן אים, ער זאָל שליסן אַן אָפּמאַך מיט מצרים, וואָס איז וויליק אים צו העלפן; ער זאָל אויפהערן צו צאָלן בבל די צוגעזאָגטע צינז. און ווען עס וועט נײטיק זײַן, זאָל מען קעמפן קעגן דעם קעניג פון בבל און באַפרײַען זיך פון אים.

צ ד ק י ה ו איז געווען צו שוואַך צו שטעלן זיך אַנט־
קעגן זײַנע האַרן, האָט ער געבראָכן זײַן אָפּמאַך מיט
ב ב ל.

# ירמיהו.

אין ירושלים איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער נ ב י א,
י ר מ י ה ו (ייִרמיאָהו). ער האָט געזען, אַז די ייִדן זײַנען
צו קליין און צו שוואַך צו שלאָגן זיך מיט ב ב ל, און אַז
עס קען קומען אַ גרויס אומגליק אויף זיי, אויב זיי וועלן אָנ־
הייבן מיט איר אַ קאַמף; האָט ער פּרובירט ווירקן אויפן
פאָלק און אויף דעם קעניג, זיי זאָלן ניט אָנהייבן קיין
קאַמף מיט ב ב ל.

איינמאָל האָט י ר מ י ה ו געקויפט אַ ליימענעם קרוג.
ער איז אַוועק צום פּלאַץ, וואו עס זײַנען געווען פאַרזאַמלט
די עלטסטע פון פאָלק און האָט זיי געזאָגט: „הערט זיך
צו, איר האַרן פון י ה ו ד ה און אײַנוואוינער פון י ר ו ש־
ל י ם! אויב איר וועט אָנהייבן אַ קאַמף מיט ב ב ל,
וועט קומען אַן אומגליק אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ. איר
וועט פאַלן פאַרן שווערד פון אײַערע פײַנט, און אָט די
שטאָט וועט ווערן וויסט".

און י ר מ י ה ו האָט אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד
דעם קרוג און אים צעבראָכן און אויסגערופן: „אַזוי וועט
צעבראָכן ווערן דאָס פאָלק און די שטאָט!"

האָט איינער פון די מענטשן, וואָס זײַנען דערבײַ גע־
ווען, אַ פּאַטש געגעבן י ר מ י ה ו ן און אים אַרײַנגעזעצט
אין אַרעסט־צימער. און ווען מ'האָט אויף מאָרגן
י ר מ י ה ו ן באַפרײַט, האָט ער געזאָגט צו די אַלע, וואָס
זײַנען געשטאַנען אַרום אים:

„געדענקט, וואָס איך זאָג אײַך: װעט איר אָנהײבן אַ קאַמף מיט ב ב ל, װעט גאַנץ י ה ו ד ה אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון קעניג פֿון ב ב ל. די שטאָט י ר ו ש ל י ם װעט צעשטערט װערן; די רײַכטימער פֿונם קעניג װעלן צע־רויבט װערן, און דאָס פֿאָלק װעט אומקומען דורכן שווערד; און די איבערגעבליבענע װעלן װי געפֿאַנגענע אַװעקגעפֿירט װערן אין ב ב ל".

צוריידן—to persuade. טרויען—to trust. צערויבן—to plunder, to take away.

# ירושלים באַלאַגערט פֿון נבוכדנאצרן.

װען צ ד ק י ה ו האָט געבראָכן זײַן אָפּמאַך מיט ב ב ל, איז דער קעניג פֿון ב ב ל נ ב ו כ ד נ א צ ר (נעװואוכאַדנעצער) געקומען אין י ה ו ד ה מיט אַ גרויסער אַרמײ און האָט באַלאַגערט י ר ו ש ל י ם.

האָט צ ד ק י ה ו געשיקט צו י ר מ י ה ו ן און גע־זאָגט:

„דער קעניג פֿון ב ב ל איז געקומען און פֿירט מ ל ח מ ה מיט אונדז, א פ ש ר קאָנסטו אונדז זאָגן, װאָס מיר זאָלן טאָן, ער זאָל אַװעק פֿון אונדז?"

האָט י ר מ י ה ו געלאָזט ענטפֿערן צ ד ק י ה ו ן: „רעד זיך ניט אײַן, אַז די סאָלדאַטן פֿון ב ב ל װעלן אַװעק פֿון שטאָט. זײ װעלן די שטאָט אײַננעמען און פֿאַר־ברענען".

אײנמאָל האָט י ר מ י ה ו געװאָלט אַרויס פֿון י ר ו ש ל י ם. ער האָט געװאָלט אַװעקגײן אין דאָרף און זײַן מיטן פ ש ו ט ן פֿאָלק. האָט אים אַ באַאַמטער פֿאַר־האַלטן און געזאָגט: „דאָס אַנטלויפֿסטו צו ב ב ל; דו ביסט אַ פֿאַררעטער".

האָט ירמיהו געלייקנט און געזאָגט: „איך אַנט־לויף ניט".

אָבער דער באַאַמטער האָט גענומען ירמיהון און געבראַכט אים צו די האַרן פון ירושלים. האָבן יענע אים געשלאָגן און אַריינגעזעצט אין טורמע.

אָבער אַפילו אין טורמע האָט ירמיהו ניט אויפגעהערט נביאות צו זאָגן אַזוי: „ווער עס וועט בלייבן אין שטאָט, וועט שטאַרבן פון הונגער און פון שווערד; און די, וואָס וועלן אַריבער צו בבל, וועלן זיך ראַטעווען".

זיינען די האַרן נאָך מער אין כעס געוואָרן אויף ירמיהון און אים אַראָפּגעלאָזן אין אַ ליים־גרוב; און ירמיהו האָט אָנגעהויבן ביסלעכוויז איינצוזינקען דאָרטן.

האָט איינער פון די אויפזעער פון טורמע דערציילט וועגן דעם קעניג צדקיהו און ער האָט צוגעגעבן: „דער נביא וועט שטאַרבן אין גרוב".

האָט דער קעניג געהייסן, און מ'האָט אַרויסגענומען ירמיהון פון דעם ליים־גרוב. אָבער אין הויף פון טורמע האָט מען ירמיהון איבערגעלאָזט. און ער איז דאָרט פאַרבליבן ביז דעם טאָג, ווען ירושלים איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון בבל.

איינזינקען—to sink. אויפזעער—guard.

# ירושלים געפאַלן.

אַ לאַנגע צייט איז ירושלים געווען באַלאַגערט. מ'האָט ניט געקענט אַריינפירן אין שטאָט קיין עסנזאַכן. איז דער הונגער דאָרט געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער.

און אַז דאָס פֿאָלק האָט אין שטאָט מער ניט געהאַט וואָס צו עסן, האָבן זיי מער ניט געקאָנט שטעלן זיך אַנט־קעגן. האָבן זיך די סאָלדאַטן פֿון בבל אַרײַנגעריסן אין ירושלים.

בײַנאַכט איז צדקיהו מיט זײַן משפּחה דורך אַ טונעל אַנטלאָפֿן פֿון ירושלים. אָבער אַ גרופּע בבלישע סאָלדאַטן האָבן אים אָנגעטראָפֿן, האָבן זיי אים פֿאַרהאַלטן און געבראַכט צום קעניג פֿון בבל.

דער קעניג פֿון בבל איז זייער בייז געווען אויף צדקיהון דערפֿאַר, וואָס ער האָט געבראָכן זײַן וואָרט. האָט ער אים באַהאַנדלט גרויזאַם. ער האָט פֿאַר אים אין די אויגן געהרגעט שעכטן אַלע זײַנע קינדער, און דערנאָך האָט ער געהייסן, מ'זאָל צדקיהון אויסשטעכן די אויגן. און אַ געשמידטן אין קייטן האָט מען צדקיהון אָפּגעפֿירט אין בבל.

ווען די סאָלדאַטן פֿון בבל האָבן אײַנגענומען די שטאָט ירושלים, האָבן זיי דאָרטן פֿאַרברענט אַלע גרעסערע געבײַדעס, און אויך דעם גרויסן און שיינעם הייליקן טעמפּל, וואָס שלמה האָט נאָך אויפֿגעבויט, האָבן זיי צעשטערט און פֿאַרברענט. און די ווענט, וואָס אַרום ירושלים, האָבן זיי צעשטויסן.

דאָס איז פֿאָרגעקומען נײַן טעג אין חודש אָב, אָדער תשעה־באָב (טישאָ באָוו). דערפֿאַר מאַכן די ייִדן ביז הײַנט אָט דעם טאָג פֿאַר אַ תענית און טרויערטאָג.

די אַלע אײַנוואוינער פֿון ירושלים, וואָס האָבן זיך ניט געשטעלט אַנטקעגן, האָט מען געשמידט אין קייטן און אָפּגעפֿירט קיין בבל.

נאָר איידער דער הויפּט־גענעראַל פֿון בבל האָט פֿאַרטריבן די אײַנוואוינער פֿון ירושלים, האָט ער

איבערגעלאָזט אין י ה ו ד ה די אָרימע אײַנוואוינער, זײ זאָלן באַאַרבעטן דאָס לאַנד, עס זאָל ניט פֿאַרוויסט ווערן.

און י ר מ י ה ו ן האָט דער הויפּט־גענעראַל פֿון ב ב ל באַפֿרײַט פֿון טורמע און איִם געזאָגט: „דו האָסט פֿאָרויסגעזאָגט דאָס אומגליק, וואָס איז געקומען אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ. איצט קאָנסטו טאָן, וואָס דו ווילסט: ווילסטו, קאָנסטו גײן מיט מיר אין ב ב ל. און ווילסטו, קאָנסטו פֿאַרבלײַבן דאָ אין לאַנד".

און ער האָט באַשטימט פֿאַר אַן אויפֿפּאַסער און פֿאַרן עלטסטן איבער אַלע ייִדן, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן אין לאַנד, אײנעם ג ד ל י ה ו ן (גדאַליאָהון), וואָס איז געווען קעגן דעם קאַמף מיט ב ב ל.



ירמיהו וויינט אויף דעם חורבן פֿון ירושלים.

אַרײַנגעריסן זיך—broke in. טונעל—tunnel. אָנגעטראָפֿן—met.
באַהאַנדלען—to treat. פֿאַרוויסט ווערן—to become desolate.
גרויזאַם—cruelly. שעכטן—to kill. געשמידט אין קייטן—chained.
פֿאָרויסזאָגן—to predict.

# גדליהו.

צוערשט האָט ירמיהו באַשלאָסן צו גיין מיט די פאַרטריבענע: ער האָט געוואָלט צוזאַמען מיט זיי ליידן און צוזאַמען מיט זיי גיין אין גלות (גאָלעס).

אָבער דערנאָך האָט ער געטראַכט: „די וואָס זיינען פאַרבליבן, וועלן ניט דערלאָזן, אַז דאָס גאַנצע לאַנד זאָל חרוב ווערן. מ'דאַרף גיין צוריק צו זיי און אויפהאַלטן זייער מוט". — האָט ער זיך אומגעקערט און איז געקומען צו גדליהון.

ביסלעכווייז האָבן געגומען אַרויס פון זייערע באַהעל־טענישן די יידן, וואָס זיינען געווען אַנטלאָפן פאַר די סאָל־דאַטן פון בבל, און זיי זיינען געקומען צו גדליהון. און גדליהו האָט זיי געזאָגט: „גייט, באַאַרבעט דאָס לאַנד; נעמט אַראָפּ די תבואה פון די פעלדער און די טרויבן פון די ווייַנגערטנער און פאַרנעמט די שטעט. איר האָט גאָרנישט וואָס מורא צו האָבן; בבל וועט אייך מער קיין שלעכטס ניט טאָן".

אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען געקומען צו גדליהון עטלעכע קריגס־עלטסטע און אים געזאָגט: „איינער פון דער קעניגלעכער משפחה, ישמעאל, איז בייז, וואָס מ'האָט פאַר דעם עלטסטן איבער די פאַרבליבענע באַשטימט דיך, און ניט אים, און ער גרייט זיך דיך צו דערהרגענען".

האָט גדליהו ניט געגלויבט אין דעם, וואָס די קריגס־עלטסטע האָבן געזאָגט. זיינען יענע פון אים אַוועק.

און אין אַ ביסל צייט אַרום איז ישמעאל מיט עט־לעכע מענטשן געקומען צו גדליהון אין געסט.

גדליהו האָט זיי זייער פריינטלעך אויפגענומען. דע־מאָלט איז אויפגעשטאַנען ישמעאל מיט זײַנע מענטשן און האָבן דערהרגעט גדליהון. ער האָט אויך גענומען געפאַנגען די ייִדן, וואָס זײַנען געווען מיט גדליהון, און זיי זײַנען אַוועק.

ווען די ייִדישע קריגס־עלטסטע האָבן זיך דערפון דערוואוסט, האָבן זיי זיך נאָכגעיאָגט נאָך ישמעאלן. האָט ישמעאל איבערגעלאָזט אַלע געפאַנגענע און איז אַנטלאָפן.

און די קריגס־עלטסטע זײַנען געקומען צו ירמיהון און אים געזאָגט: „פרעג בײַ יאַהאַווען און זאָג אונדז, וואָס מיר זאָלן איצט טאָן: דער קעניג פון בבל וועט גע־ווים זײַן בייז, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז מ'האָט דער־הרגעט גדליהון, און ער קאָן אונדז שלעכטס טאָן. אפשר זאָלן מיר אַלע פאַרבליבענע אַוועק קיין מצרים?"

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ירמיהו געזאָגט צו די קריגס־עלטסטע: „אַזוי זאָגט יאַהאַווע: האָט ניט קיין מורא; דער קעניג פון בבל וועט אײַך קיין שלעכטס ניט טאָן. פאַרבלײַבט אַלע אין לאַנד און באַ־אַרבעט זי".

אָבער די קריגס־עלטסטע זײַנען די ווערטער פונם נביא ניט געפעלן געוואָרן. האָבן זיי געזאָגט: „ירמיהו זאָגט ליגן. יאַהאַווע האָט דאָס אים ניט גע־זאָגט".

און זיי האָבן גענומען אַלע פאַרבליבענע ייִדן — מע־נער, פרויען און קינדער — און זײַנען אַוועק קיין מצרים. זיי האָבן אויך מיטגענומען ירמיהון.

## און דאָס לאַנד יהודה איז געבליבן ליידיק, אָן מענטשן.

פאַרטריבענע—exiled. גלות—exile. חרוב ווערן—to lay waste.
באַהעלטענישן—hiding places. תבואה—crops. ליידיק—empty.
גרייט זיך—intends.

### פראַגעס:

ווער האָט איינגענומען דאָס לאַנד פון אשור?
וואָס האָט דער קעניג פון בבל געטאָן מיט דעם יונגן קעניג פון יהודה?
וועמען האָט ער באַשטימט פאַר קעניג אין יהודה אַנשטאָט דעם?
פאַרוואָס האָט צדקיהו געבראָכן זיין אָפּמאַך מיטן קעניג פון בבל?
ווער איז געווען ירמיהו?
וואָס איז געווען זיין באַציאונג צום קאַמף מיט בבל?
וואָס האָבן די באַאַמטע פונם קעניג געטאָן צו ירמיהון?
וואָס האָט געפירט דערצו, אַז ירושלים זאָל פאַלן?
וואָס איז געוואָרן מיט צדקיהון און מיט זיין משפחה?
וואָס איז געוואָרן מיט ירושלים און מיט דעם הייליקן טעמפּל?
וואָס איז געוואָרן מיט ירמיהון?
וואָס האָט דער קעניג פון בבל געטאָן מיט די פאַרבליבענע איינוואוינער פון ירושלים?
וועמען האָט ער באַשטימט פאַר אַן אָנפירער פון די יידן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין לאַנד?
ווער און פאַרוואָס האָט דערהרגעט גדליהון?
וואָס איז דעמאָלט געוואָרן מיט די יידן, וואָס זיינען נאָך געווען אין יהודה?

# אין בבל.

## די יידן אין בבל.

די ייִדן פון י ה ו ד ה האָט מען געטריבן אין ב ב ל אַרײַן. צוזאַמען מיט זײ האָט מען געפירט די טײַערע גאָלדענע כ ל י ם, וואָס די סאָלדאַטן פון ב ב ל האָבן אַרויסגענומען פון דעם הײליקן טעמפּל.

ווען די פאַרטריבענע זײַנען אָנגעקומען צו די טײַכן פון ב ב ל, האָבן זײ זיך געזעצט אָפּרוען. זײַנען צו זײ צוגעקומען די וועכטער און געזאָגט: „זינגט אונדז פון די שײנע לידער פון צ י ו ן (ציען)."

אָבער די ייִדן האָבן געטראַכט: „ווי קענען מיר זינ־גען די טײַערע לידער פון צ י ו ן אויף אַ פרעמד לאַנד?"

האָבן זײ אויפגעהאַנגען די האַרפעס זײערע אויף די צווײַגן פון די בײמער און האָבן ניט געשפּילט און ניט געזונגען.

און די פאַרטריבענע האָבן דעמאָלט געגעבן אַ וואָרט און געזאָגט: „זאָל אונדזער צונג זיך צוקלעפּן צום גומען, אויב מיר וועלן פאַרגעסן אונדזער לאַנד".

ווען מ'האָט די ייִדן געבראַכט אין ב ב ל אַרײַן, האָט מען זײ דאָרטן אָפּגעלאָזן פרײַ. מ'האָט זײ בלויז פאַרבאָטן אומצוקערן זיך צוריק אין זײער לאַנד, אין י ה ו ד ה.

ביסלעכווײַז האָבן די פאַרטריבענע אָנגעהויבן אײַנ־אָרדענען זיך. אַ טײל פון זײ האָט אָנגעהויבן פאַרנעמען זיך מיט ערדאַרבעט, אַ טײל מיט מ ל אָ כ ה און אַ טײל מיט האַנדל.

יעדן ש ב ת פלעגן זיך די יידן צונויפקומען, און די כ ה נ י ם האָבן פאַר זיי פאָרגעלייענט קאַפּיטלען פון די הייליקע ביכער, וואָס זיי האָבן גענומען מיט זיך.

אַ ס ך פון די פאַרטריבענע האָבן געבענקט נאָך זייער פאָטערלאַנד, נאָך זייער אַלטער היים. און די נ ב י א י ם, וואָס זיינען געווען צווישן זיי, האָבן אויפגע־האַלטן זייער מוט און צוגעגעבן זיי האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך אין גיכן צוריקקערן אַהין.

אָבער ווען עס זיינען אַוועק אַ ס ך יאָרן, און מ׳האָט די יידן ניט דערלויבט זיך אומצוקערן אין זייער לאַנד, האָבן זיי אָנגעהויבן צו צווייפלען, צי וועלן זיי אַמאָל אויסגע־לייזט ווערן. „מיר זיינען ווי טרוקן גראָז, — האָבן זיי געזאָגט, — וואָס וועט שוין קיינמאָל ניט צוריק לעבעדיק ווערן״.

צוקלעפּן—.to stick פאַרבאָטן—.to forbid האָפענונג—.hope.
איינאָרדענען זיך—.to settle צווייפלען—.to doubt.

# יחזקאל און זיין נבואה.

צווישן די פאַרטריבענע יידן איז געווען איינער אַ גרויסער נ ב י א, י ח ז ק א ל (יעכעזקל). ער האָט גע־וואָלט אויפהאַלטן דעם מוט און דעם גלויבן פון פאָלק, האָט ער דערציילט די יידן אַזאַ מ ש ל:

„איינמאָל — האָט ער געזאָגט — האָט מיך אויפגע־הויבן אַ ווינט און געבראַכט אין אַ טאָל, און דער טאָל איז פול געווען מיט טרוקענע ביינער.

„און יאַהאַווע האָט מיך געפרעגט:

„נ ב י א, וועלן לעבעדיק ווערן אָט די ביינער?״

האָב איך געזאָגט: „דו ווייסט דאָך בעסער״.
האָט ער מיר געזאָגט: „זאָג נביאות אויף די דאָזיקע ביינער און זאָלן זיי לעבעדיק ווערן״.
האָב איך נביאות געזאָגט. האָט זיך דערהערט אַ טומל און אַ שטורעם: דאָס האָבן די ביינער זיך דערנעענטערט איינע צו די אַנדערע. און זיי האָבן זיך אָנגעצויגן מיט אָדערן, און זיך באַדעקט מיט פליייש און זיך באַצויגן מיט הויט.
און עס האָט אַ בלאָז געטאָן אַ ווינט און עס האָט אַריינגעבלאָזן אין די קערפּערס אַ לעבעדיקער גייסט, און זיי זיינען לעבעדיק געוואָרן און זיך געשטעלט אויף די פיס — אַ גרויסע מחנה מענטשן.
און דער נביא האָט געזאָגט: „אַזוי זאָגט גאָט: די טרוקענע ביינער דאָס זיינען די יידן, וואָס זאָגן, אַז זיי זיינען ווי טרוקן גראָז, און עס איז פאַר זיי קיין האָפענונג ניטאָ צוריקצוקערן זיך אין זייער לאַנד״.
„וועל איך אַריינבלאָזן אין זיי אַ לעבעדיקן גייסט און זיי וועלן אויפלעבן, און איך וועל זיי צוריקברענגען אין דעם יידישן לאַנד״.

הויט—skin. משל—fable, parable. אויסגעלייזט ווערן—to become free, to be delivered. אָדערן—veins, sinews. קערפּערס—bodies. מחנה—crowd.

# דניאל.

איינמאָל האָט דער קעניג פון בבל געהייסן אויסקלייבן פון די פאַרטריבענע יידן אַ צאָל בחורים שיינע און פאַרשטענדלעכע, לערנען זיי די שפּראַך און די שריפט פון בבל און דערציען זיי גאַנצע דריי יאָר. און דערנאָך זאָל מען זיי ברענגען פאַר דעם קעניג.

האָט מען אַזוי געטאָן. און ווען מ'האָט אין סוף פון די דרײַ יאָר געבראַכט די בחורים פאַרן קעניג, האָט דער קעניג מיט זיי גערעדט, און ער האָט פון זיי אויסגע־קליבן פיר, וואָס זײַנען געווען שענער, קליגער און פאַר־שטענדלעכער פון אַלע אַנדערע. און ער האָט זיי איבער־געלאָזט בײַ זיך אין הויף.

און פון די פיר איז דער קליגסטער געווען דניאל (דאָניעל), וואָס האָט מיט זײַן חכמה אַריבערגעשטײַגט אַלע קלוגע לײַט פון בבל. דניאל האָט אויך געקאָנט אויסטײַטשן חלומות.

איינמאָל האָט זיך דעם קעניג פון בבל געחלומט אַ חלום; אָבער ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער דעם חלום פאַרגעסן.

האָט ער געהייסן ברענגען צו זיך די אַלע חכמים פון בבל, און ער האָט זיי געזאָגט: „עס האָט זיך מיר געחלומט אַ חלום, נאָר איך האָב אים פאַרגעסן. וויל איך, איר זאָלט מיר זאָגן, וואָס דער חלום איז גע־ווען, און וואָס איז זײַן באַשיידונג".

האָבן די חכמים געזאָגט: „דאָס, וואָס דער קעניג פאַרלאַנגט, איז צו שווער פאַר אַ מענטשן צו ענטפערן. ווי קענען מיר דיר געבן די באַשיידונג, אויב מיר ווייסן ניט דעם חלום. און זאָגן דיר דעם חלום — דאָס קען קיין מענטש ניט אויף דער וועלט".

איז דער קעניג אין כעס געוואָרן און האָט געהייסן אויסהרגענען אַלע חכמים פון בבל. ווען דניאל האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער אַוועק צום הויפּט־וועכטער פונם קעניג און אים געזאָגט: „טייט ניט די חכמים פון בבל. זאָג דעם קעניג, אַז איך וועל באַ־שיידן זײַן חלום."

האָט דער הויפּטוועכטער דערציילט דעם קעניג וועגן דעם. האָט דער קעניג געהייסן ברענגען פאַר אים ד נ י א ל ן.

פרעגט אים דעם קעניג: „קאָנסטו מיר זאָגן דעם ח ל ו ם און זיין באַשיידונג?"



דניאל באַשיידט נבוכדנאצרן זיין חלום.

האָט ד נ י א ל געענטפערט: „דו, קעניג, האָסט, ליגנדיק אויף דיין בעט, געטראַכט וועגן דעם, וואָס עס

וועט זײַן אין די שפּעטערדיקע צײַטן. האָסטו דערזען אַ גרויסע געשטאַלט מיט אַ קאָפּ פון גאָלד, מיט הענט פון זילבער, מיט אַ קערפּער פון קופּער, מיט פיס פון אײַזן און מיט פינגער פון ליים. פּלוצלונג האָט זיך אָפּגעריסן אַ שטיין און אַ קלאַפּ געגעבן די געשטאַלט איבער די פיס. איז די געשטאַלט אומגעפאַלן און צעבראָכן געוואָרן; און פון דעם שטיין איז אויסגעוואַקסן אַ באַרג, וואָס האָט אָנגעפילט די ערד.

„דאָס איז דײַן חלום. און זײַן באַשײדונג איז אַזאַ: דו, גרויסער־קעניג, ביסט רײַכער און שטאַרקער פון אַלע; דו ביסט דער קאָפּ פון גאָלד. נאָך דיר וועט אויפשטיין אַ צווייטע מלוכה, קלענער פון דײַנער — געגליכן צו זילבער; נאָכדעם וועט קומען אַ דריטע מלוכה — געגליכן צו קופּער און דערנאָך אַ פערטע מלוכה — שטאַרק ווי אײַזן. און אַט די מלוכה וועט צעברעכן און צעשטײסן אַלע פריערדיקע. און צום סוף וועט אויפקומען אַ מלוכה, וואָס וועט פאַרבלײַבן אויף אײביק. דאָס איז דער גרויסער באַרג״.

דאָס איז דײַן חלום, קעניג, און דאָס איז זײַן באַשײדונג״.

ווען דער קעניג האָט דאָס אויסגעהערט, האָט ער זיך פאַרנייגט פאַר דניאל, האָט געהייסן שענקען אים רײַכע מתנות און האָט אים באַשטימט פאַר דעם עלטסטן איבער אַלע חכמים פון בבל.

אויסקלײַבן—to choose. שריפט—writing. בחורים—boys.
חכמה—wisdom, cleverness. איבערגעשטײַגט—resembles.
אויסטײַטשן—to interpret. פאַרלאַנג—desire. געגליכן—surpassed.
מלוכה—government, country.

# כורש און ישעיה דער צווייטער.

די יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין ב ב ל, האָבן געדענקט נאָך זייער אַלטער היים. ווען נ ב ו כ ד נ א צ ר, דער קעניג פון ב ב ל, איז געשטאָרבן, האָט מען באַפרייט פון טורמע דעם יידישן קעניג י ה ו י כ י ן. אָבער דערלויבן די יידן אומצוקערן זיך אין י ה ו ד ה האָט מען ניט.

אָבער אָט האָט כ ו ר ש (קווירעש), דער קעניג פון פּערסיע, אָנגעהויבן אַ מ ל ח מ ה קעגן ב ב ל. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ האָפענונג ביי די יידן, אַז כ ו ר ש וועט געווינען, און ער וועט זיי דערלויבן אומצוקערן זיך אין זייער לאַנד און אָפּבויען דעם טעמפּל אין י ר ו ש ל י ם.

דער גרויסער נ ב י א י ש ע י ה דער צווייטער, וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט אין ב ב ל, האָט אַזוי נ ב י א ו ת געזאָגט: „אַזוי זאָגט יאַהאָווע, דער גאָט פון די יידן, צו זיין געזאַלבטן קעניג כ ו ר ש ן: איך וועל דיך אונטערהאַלטן ביי דער רעכטער האַנט; איך וועל פאַר דיר עפענען אַלע טירן; איך וועל צעברעכן פאַר דיר די אייזערנע ריגלען; איך וועל לאָזן פאַלן פאַר דיר פעלקער. און דאָס אַלץ — כ ד י אַלע מענטשן זאָלן וויסן, אַז איך בין איינער, וואָס באַשאַפט ליכט און פינצטערניש, וואָס ברענגט פרידן און גוטס און מאַכט קריג און שלעכטס".

און אויף ב ב ל האָט ער געזאָגט: „זעץ זיך אין שטויב, דו טאָכטער פון ב ב ל! ניטאָ מער קיין טראָן פאַר דיר! איך וועל נ ק מ ה נעמען פון דיר, און ס'וועט ניט זיין קיינער, וואָס זאָל דיר העלפן."

בענקען—to long for. דערלויבן—to permit. געזאַלבט—enointed.
אונטערהאַלטן—to sustain, to hold. ריגלען—bolts. שטויב—dust.

# די שריפט אויף דער וואַנט.

אין דעם קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן די פערסן און ב ב ל, האָט איינמאָל די אַרמיי פון ב ב ל געזיגט. ל כ ב ו ד דעם האָט דער קעניג פון ב ב ל געמאַכט אַ גרויסן מאָלצייט. ער האָט געהייסן ברענגען די גאָלדענע כ ל י ם, וואָס מ'האָט אַמאָל געבראַכט פון דעם טעמפּל אין י ר ו ש ל י ם, און ער האָט פון זיי געטרונקען ווײַן.

ווען ער איז געוואָרן ש י כ ו ר (שיקער), האָט ער אויסגערופן: „ניטאָ קיינער, אַ גרעסערער פון מיר! קיינער קאָן זיך ניט שטעלן קעגן מיר!"

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט דער קעניג באַמערקט, ווי אַ האַנט האָט זיך באַוויזן און עפּעס אָנגעשריבן אויף דער וואַנט. ער האָט זיך דערשראָקן און געהייסן ברענגען זײַנע ח כ מ י ם, זיי זאָלן אים זאָגן, וואָס מיינען די ווערטער, וואָס זײַנען אָנגעשריבן אויף דער וואַנט.

די ח כ מ י ם זײַנען געקומען, האָבן געקוקט און ניט געוואוסט, וואָס די ווערטער מיינען.

האָט מען געראָטן דעם קעניג, ער זאָל רופן ד נ י א ל ן, וואָס האָט באַשיידט דעם ח ל ו ם זײַן זיידן.

האָט דער קעניג געהייסן רופן ד נ י א ל ן; איז יענער געקומען, אַ קוק געטאָן אויפן וואַנט און געזאָגט דעם קעניג:

„דו, קעניג, ביסט געווען שטאָלץ. דו האָסט געטרונקען ווײַן פון די הייליקע כ ל י ם פון דעם טעמפּל פון דעם יידישן גאָט. דו האָסט זיך באַרימט, אַז דו ביסט דער גרעסטער אויף דער וועלט, און קיינער קען זיך ניט שטעלן קעגן דיר. דערפאַר איז אַרויס די האַנט און אָנגעשריבן: מ נ א מ נ א ת ק ל ו פ ר ס י ן (מניי, מניי, טקייל אופאַרסין)

— דאָס מיינט: מ׳האָט געציילט און געציילט דיינע מ ע ש י ם, מ׳האָט זיי געוואויגן אויפן וואָגשאָל און גע־פונען דיך שולדיק און דערפאַר וועט דיין מ ל ו כ ה אַריי־בער צו די פּערסן.״

אין יענער זעלבער נאַכט איז כ ו ר ש אַריין אין דער שטאָט ב ב ל און האָט זי איינגענומען. און דער קעניג פון ב ב ל איז די זעלבע נאַכט ד ע ר ה ר ג ע ט געוואָרן.

מאָלצייט—feast. כלים—vessels. זיך באַרימט—boasted.

## פ ר אַ ג ע ס:

ווי האָבן זיך די פאַרטריבענע יידן איינגעאָרדנט אין ב ב ל?

ווער האָט אויפגעהאַלטן זייער מוט און די האָפענונג, אַז זיי וועלן זיך באַלד צוריקקערן אין זייער אַלטער היים?

ווער האָט געזאָגט די נ ב ו א ה מיט די טרוקענע ביינער?

וואָס האָט אָט די נ ב ו א ה געדאַרפט באַטייטן?

ווער איז געווען ד נ י א ל? וואָס פאַר אַ ח ל ו ם האָט ער באַשיידט?

וועלכעס לאַנד האָט אָנגעהויבן אַ מ ל ח מ ה קעגן ב ב ל?

וועלכער יידישער נ ב י א האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז כ ו ר ש וועט געווינען?

ווער האָט איבערגעלייענט די אויפשריפט אויפן וואַנט?

וואָס פאַר אַ דערקלערונג האָט ד נ י א ל געגעבן דער אויפ־שריפט?

# צוריק אין יהודה.

## כורש דערלויבט די יידן צוריקצוקערן זיך.

ווען כורש האָט איינגענומען בבל, האָט ער ניט פאַרגעסן דאָס גוטס, וואָס עס האָבן וועגן אים דערציילט די יידישע נביאים.

האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו די יידן, וואו ער האָט געזאָגט: „יאַהאַווע, דער יידישער גאָט, האָט מיר באַפוילן, איך זאָל לאָזן אויפבויען זיין הויז אין ירושלים. דעריבער זאָל יעדער ייד, וואָס וויל נאָר, צוריקגיין אין ירושלים און זאָל דאָרט העלפן אויפבויען יאַהאַוועס הויז. און די יידן, וואָס וועלן פאַרבלייבן אויף די ערטער, זאָלן העלפן די, וואָס קערן זיך אום, מיט זילבער און גאָלד און מיט אַנדערע גוטס".

האָבן זיך אויפגעהויבן ביי פערציק טויזנט יידן. און די, וואָס זיינען פאַרבליבן אין בבל, האָבן געשטיצט מיט געלט די, וואָס זיינען געגאַנגען אין יהודה. און כורש האָט געהייסן, מ'זאָל די, וואָס גייען בויען דעם טעמפל, אַרויסגעבן די כלים פון שלמהס טעמפל, וואָס נבוכדנאצר האָט אַמאָל געבראַכט אין בבל.

רוף—appeal.     באַפוילן—ordered.

# די מסירה.

נאָך אַ שווערן וועג איז די גאַנצע פּאַרטיע ייִדן אָנגע־קומען קיין ירושלים. אַרום דער שטאָט איז געווען אַ סך פּוסטע ערד, האָבן די צוריקגעקומענע אָנגעהויבן באַזעצן דאָס לאַנד.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָבן זיך אַלע ייִדן פֿאַר־זאַמלט אין ירושלים און זײַנען צוגעטראָטן בויען דעם טעמפּל. זײ האָבן געגעבן געלט צו שטײנהאַקער און האָלצאַרבעטער, זײ זאָלן ברענגען געהילץ און שטײנער און זאָלן בויען דאָס הויז פֿאַר יאַהאַווען. ווען מ׳האָט אַוועקגעלײגט דעם פֿונדאַמענט פֿונם טעמפּל, האָבן די ייִדן זיך געפֿרײט און געמאַכט אַ יום־טוב.

ניט ווײַט פֿון יהודה האָבן געוואוינט די שומרו־נים. ווען זײ האָבן דערהערט, אַז די ייִדן זײַנען געקומען און אָנגעהויבן בויען דעם טעמפּל, זײַנען זײ געקומען צו די עלטסטע פֿון די ייִדן און זײ געזאָגט: „מיר דינען אויך און ברענגען אויך קרבנות צו אײַער גאָט יאַהאַווע. לאָזט אונדז דערפֿאַר בויען דעם טעמפּל צוזאַמען מיט אײַך".

אָבער די עלטסטע פֿון די ייִדן האָבן מורא געהאַט, אַז די ייִדן וועלן זיך אויסמישן מיט די שומרונים, אויב יענע וועלן אָפֿט קומען קיין ירושלים. זײ, די שומרונים, זײַנען אין צאָל געווען אַ סך מער ווי די ייִדן. האָבן די עלטסטע אָפּגעזאָגט די שומרונים צו האָבן אַ חלק אין טעמפּל.

זײַנען די שומרונים אין כעס געוואָרן און האָבן אָנגעשריבן צום קעניג פֿון פּערסיע אַן אָנקלאַגע אויף די ייִדן:

„זײַ װיסן, קעניג — האָבן זײ געשריבן, — אַז די ייִדן, װאָס האָבן זיך אומגעקערט אַהער פון ב ב ל, בויען איבער און פאַרפעסטיקן די שטאָט י ר ו ש ל י ם. װען די שטאָט װעט פאַרפעסטיקט װערן, װעלן זײ דיר אויפהערן צאָלן שטײַערן און דו װעסט מער ניט האָבן קיין ח ל ק אין דעם לאַנד י ה ו ד ה".

אַז דער קעניג האָט באַקומען די אָנקלאַגע, האָט ער באַפוילן, מ'זאָל אָפּשטעלן בויען דעם טעמפּל.

אָבער אין אַ ביסל צײַט אַרום זײַנען די ייִדן װידער צוגעטראָטן בויען דעם טעמפּל. איז געקומען דער פּער־סישער פּאַרװאַלטער פון דער געגנט און געפרעגט די ייִדן, װער האָט זײ דערלויבט דאָס צו טאָן.

האָבן אים די ייִדן געענטפערט: „מיר האָבן די דער־לויבעניש באַקומען נאָך פון כ ו ר ש ן, דעם קעניג פון פּערסיע, נאָר דאָס הויז איז ניט פאַרטיק געװאָרן ביז הײַנטיקן טאָג, װילן מיר איצט עס פאַרענדיקן".

האָט דער פאַרװאַלטער אָנגעפרעגט בײַם קעניג פון פּערסיע, צי עס איז פאַראַן אַזאַ דערלויבעניש. האָט מען נאָכגעזוכט אין די אַרכיװן און מ'האָט געפונען דעם אַלטן באַפעל פון כ ו ר ש ן און מ'האָט װעגן דעם געלאָזט װיסן דעם פאַרװאַלטער.

דעמאָלט האָבן די ייִדן זיך גענומען נאָך מיט מער מוט פאַר דער אַרבעט און האָבן אין אַ קורצער צײַט פאַרענ־דיקט בויען דעם טעמפּל.

װען דער טעמפּל איז פאַרטיק געװאָרן, האָבן זיך אַלע ייִדן פון לאַנד פאַרזאַמלט אין י ר ו ש ל י ם און מיט גרויס

פרײַד געפּײַערט די באַנײַאונג פון דער גרױסער שײנער הײליקער געבײַדע.

מסירה—complain. פאַרזאַמלט—assembled. חלק—share, part. אָנקלאַגע—complain. צוגעטראָטן—started. אַרכיװן—archives. פאַרטיק געװאָרן—finished. פאַרװאַלטער—governor. געגנט—province. באַנײַאונג—consecration.

# עזרא דער סופר קומט קײן ירושלים.

די ייִדן אין יהודה האָבן געלעבט אָרים. און קײן צו פיל אָרדענונג איז אױך ניט געװען בײַ זײ אין לאַנד. אַ טײל פון די ייִדן האָבן חתונה געהאַט מיט שומ־רונישע פרױען, און זײערע קינדער האָבן ניט געקאָנט רעדן די אַראַמישע שפּראַך, װאָס די ייִדן האָבן געבראַכט פון בבל. װײניק ייִדן האָבן געקענט די הײליקע ייִדישע ביכער. אַ סך ייִדן האָבן ניט אָפּגעהיט קײן שבת. און די שטאָט ירושלים איז געװען כמעט ליידיק. זײער װײניק מענטשן האָבן געװאױנט אין שטאָט; כמעט אַלע ייִדן האָבן געלעבט אױף לאַנד אױסער דער שטאָט.

דעמאָלט זײַנען פון בבל געקומען אין יהודה צװײ ייִדן, װעלכע האָבן אײַנגעשטעלט אָרדענונג אין לאַנד און האָבן דאָס ייִדישע לעבן אַװעקגעשטעלט אױף אַ פעסטן פונדאַמענט.

דער ערשטער פון די צװײ ייִדן איז געװען עזרא (עזרע).

דאָס איז געװען אַ געלערנטער מאַן. ער איז געװען זײער גוט באַקאַנט מיט אַלע הײליקע ייִדישע ביכער. ער אַלײן האָט זיך פאַרנומען מיט איבערשרײַבן די ביכער. פון אַ טײל פון אָט די ביכער האָט ער צונױפגעשטעלט

דאָס בוך, וואָס הייסט די ת ו ר ה פון מ ש ה ן. דאָס זיינען פינף ביכער, אין וועלכע עס ווערט דערציילט, ווי עס זיינען געשאַפן געוואָרן די וועלט און מענטשן; ווי עס האָבן געלעבט די אָ ב ו ת (אָוועס), די פאָטערס פונם יידישן פאָלק: אַ ב ר ה ם, י צ ח ק און י ע ק ב און י ע ק ב ס זון י ו ס ף; ווי די יידן זיינען פאַרשקלאַפט געוואָרן אין מ צ ר י ם, און עס איז נאָכדעם געקומען דער גרויסער פירער מ ש ה און האָט זיי פון דאָרטן באַפרייט; און אויסער דעם זיינען פאַראַן אין די ביכער אַ ס ך געבאָטן און געזעצן, וואָס וויַיזן, וואָס יידן דאַרפן און מעגן יאָ טאָן און וואָס ניט.

ע ז ר א איז געווען שטאַרק אָנגענומען ביים פערסישן קעניג. האָט אים יענער געגעבן אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אים דערלויבט נעמען אַ גרויסע גרופּע יידן און מיט זיי גיין אין יהודה. ער האָט אים אויך געגעבן דאָס רעכט איינצופירן די ת ו ר ה פון מ ש ה ן צווישן די יידן אין י ה ו ד ה; אויך דאָס רעכט אָנצושטעלן ריכטער, וואָס זאָלן מ ש פ ט ן דאָס פאָלק לויט די ד י נ י ם פון מ ש ה ס ת ו ר ה.

ווען ע ז ר א איז געקומען אין י ה ו ד ה, האָט ער פאַררופן אין י ר ו ש ל י ם אַ פאַרזאַמלונג פון די יידן. ער האָט פאָרגעלייענט פאַר זיי די ת ו ר ה און געפאָדערט, זיי זאָלן נעמען אויף זיך די אַלע געבאָטן פון דער ת ו ר ה אָפּצוהיטן.

האָבן אייניקע פון די פאַרזאַמלטע געזאָגט צו ע ז ר א ן: „נעם די עלטסטע פון פאָלק און רעד זיך מיט זיי צונויף; און ווי איר וועט באַשטימען, אַזוי וועלן מיר טאָן“.

אָרדענונג—order. אָפּגעהיט—observed. אוועקגעשטעלט—put.
פעסט—strong. פונדאַמענט—foundation. געפאָדערט—demanded.
געבאָט—comandments, order. געזעץ—law.

# נחמיה קומט קיין ירושלים.

דער צווייטער וויכטיקע ייִד, וואָס איז געקומען פון ב ב ל, איז געווען נ ח מ י ה (נעכעמיע). ער איז געווען דער הויפּט־וויינשענקער פונם פּערסישן קעניג.

איינמאָל איז זיין ברודער געפאָרן אין י ר ו ש ל י ם צו ברענגען ק ר ב נ ו ת אין טעמפּל. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט, האָט ער דערציילט נ ח מ י ה ן, ווי ווייניק אָרדענונג עס איז פאַראַן ביי די ייִדן אין י ה ו ד ה. די רייכערע ייִדן אונטערדריקן די אָרימע און מאַכן זיי אַ פּ י ל ו פאַר זייערע קנעכט. די ש ו מ ר ו נ י ם קומען אין י ה ו ד ה און טוען דאָרטן, וואָס זיי ווילן. ווייל אַרום י ר ו ש ל י ם איז ניטאָ קיין וואַנט, און די ייִדן האָבן ניט, הינטער וואָס זיך צו באַשיצן אין פאַל פון אַן אָנפאַל.

איז נ ח מ י ה אומגעגאַנגען אַ טרויעריקער. און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער געבעטן ביים קעניג, ער זאָל אים דערלויבן פאָרן אין י ר ו ש ל י ם און איינשטעלן דאָרטן אָרדענונג. האָט דער קעניג דאָס אים דערלויבט.

איז נ ח מ י ה אַוועק קיין י ר ו ש ל י ם. דאָרטן האָט ער צוערשט עטלעכע טעג באַטראַכט די שטאָט. און ער האָט געזען, אַז די ווענט זיינען צעבראָכן, און די טויערן פאַרברענט.

נאָכדעם האָט ער צונויפגערופן די באַאַמטע פון שטאָט און די כ ו ה נ י ם און זיי דערציילט, צו וואָס ער איז געקומען אין לאַנד. ער האָט זיי פאָרגעשלאָגן, מ׳זאָל צוטרעטן פאַרריכטן די ווענט אַרום דער שטאָט. האָבן אַלע

צוגעשטימט. און נחמיה איז באַלד צוגעטראָטן צו
דער שווערער אַרבעט.



די ייִדן פאַרריכטן די ווענט פון ירושלים.

ווען די שומרונים און די אַנדערע פֿײַנט פון די ייִדן האָבן זיך דערוואוסט וועגן נחמיהס אַרבעט, האָבן זיי באַשלאָסן צו שטערן אים און אַפילו אָנהייבן מיט אים אַ מלחמה. דעמאָלט האָט נחמיה באַוואָפנט די ייִדן מיט שווערדן, מיט שפּיזן און מיט בויגנס, און אײַנגעשטעלט, זיי זאָלן שטענדיק היטן די שטאָט. און די, וואָס האָבן געאַרבעט, האָבן אין איין האַנט געהאַלטן אַ שווערד און מיט דער צווייטער האָבן זיי געאַרבעט.

ווען די מויערן אַרום ירושלים זײַנען אינגאַנצן

פאַרטיק געוואָרן, האָט נ ח מ י ה געלאָזט אָנטאָן אַלע טויערן אין די ווענט פון שטאָט. און ער האָט געהייסן, מ'זאָל יעדן טאָג ניט עפענען די טויערן צו פרי און מ'זאָל זיי פאַרשליסן, ווען עס איז נאָך ליכטיק. און ש ב ת זאָל מען זיי האַלטן געשלאָסן אַ גאַנצן טאָג.

ווען י ר ו ש ל י ם איז אַזוי פאַרפעסטיקט געוואָרן, האָבן די יידן באַקומען מער מוט; זיי האָבן שוין ניט מער מ ו ר א געהאַט פאַר די אַרומיקע פיינט.

ווײַנשענקער—wine deliverer. באַשיצן—to defend. אין פאַל—in case. אָנפאַל—attack. צוטרעטן—to start. באַוואָפנט—armed. פאָרגעשלאָגן—proposed. פאַרריכטן—to repair. אײַנגעשטעלט—ordered.

# עזרא מאַכט די תורה פאַרן געזעץ פון די יידן.

דערמאָלט האָבן נ ח מ י ה און ע ז ר א פאַררופן נאָך אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע יידן פון י ה ו ד ה אין דער שטאָט י ר ו ש ל י ם. ע ז ר א האָט פאַר די פאַרזאַמלטע ווידער פאָרגעליינט מ ש ה ס ת ו ר ה. ער האָט געליינט אין העברעאיש, אין דער שפראַך, אין וועלכער די ת ו ר ה איז אָנגעשריבן געווען; און אַ צאָל כ ו ה נ י ם האָבן דאָס איבערגעזעצט פאַרן פאָלק אין דער אַראַמישער שפראַך, אויף וועלכער אַלע יידן האָבן דעמאָלט גערעדט.

ווען די פאַרזאַמלטע האָבן אויסגעהערט די ת ו ר ה, האָבן זיי גענומען אויף זיך צו מאַכן זי פאַר זייער געזעץ: זיי זאָלן אָפּהיטן די אַלע געבאָטן וואָס אין איר און זאָלן ניט אָפּטרעטן פון זיי אויף רעכטס אָדער אויף לינקס. און זיי האָבן דאָס אָנגענומען פאַר זיך, פאַר זייערע קינדער און קינדס־קינדער.

דעמאָלט האָט ע ז ר א אָנגעשריבן אַן אָפּמאַך וועגן דעם, אַז די ייִדן נעמען אָן מ ש ה ס ת ו ר ה, און אַלע עלטסטע פון פאָלק, מיט נ ח מ י ה ן און ע ז ר א ן אין דער שפּיץ, האָבן דעם אָפּמאַך אונטערגעשריבן.

די ייִדן האָבן דעמאָלט, לויט דעם פאָרשלאָג פון ע ז ר א ן און נ ח מ י ה ן אָנגענומען נאָך עטלעכע וויכטיקע באַשלוסן. ערשטנס — מ ו ח ל צו זײַן אַלע ח ו ב ו ת, וואָס די אָרימע ייִדן זײַנען שולדיק געווען די רײַכע. צווייטנס — די ייִדן זאָלן ניט ח ת ו נ ה האָבן מיט טעכטער פון אַנדערע פעלקער און זיי זאָלן ניט געבן זייערע טעכטער פאַר ווײַבער צו מענער פון אַנדערע פעלקער. דריטנס — אַז איינער פון יעדע צען ייִדן זאָל זיך אַרײַנקלײַבן וואוינען אין דער שטאָט י ר ו ש ל י ם.

ע ז ר א און נ ח מ י ה האָבן אויך אײַנגעשטעלט, אַז דער כ ו ה ן ־ ג ד ו ל (קויהען־גאָדל), דער עלטסטער כ ו ה ן פון טעמפּל, זאָל זײַן דער הויפּט־באַאַמטער פון לאַנד. ער זאָל אָנשטעלן ריכטער, וואָס זאָלן מ ש פ ט ן לויט די געזעצן פון דער ת ו ר ה; ער זאָל אָנשטעלן באַאַמטע, וואָס זאָלן בײַ די ייִדן אײַנמאָנען די שטײַערן, און ער זאָל אָפּשיקן די יערלעכע שטײַערן צום פּערסישן קעניג.

ע ז ר א האָט אויך באַשטימט אַ גרופּע ייִדן, מיט וועלכע ער האָט געלערנט די ת ו ר ה, און וועלכע האָבן געדאַרפט אויסטײַטשן די ת ו ר ה, ווען עס איז איינעם עפּעס געווען ניט קלאָר, אָדער ווען מ'האָט געדאַרפט דאָס געזעץ אַ ביסעלע ענדערן, כ ד י צוצופּאַסן עס צום לעבן.

ער האָט די דאָזיקע גרופּע ייִדן אַ נאָמען געגעבן „די גרויסע פאַרזאַמלונג".

פון דעמאָלט אָן זײַנען בײַ די ייִדן אַלע מאָל געווען אַ ס ך אַזעלכע, וואָס האָבן בײַ אַלץ, וואָס זײ האָבן געטאָן, זיך געפרעגט: „איז דאָס ריכטיק לויט דער ת ו ר ה?״ אויב ניט, האָבן זײ עס ניט געטאָן. אַזעלכע ייִדן האָבן געהײסן פרומע ייִדן אָדער ח ס י ד י ם.

די ייִדן אין י ה ו ד ה האָבן געלעבט זעלבשטענדיק און גאַנץ פרײַ; זײ האָבן בלויז געדאַרפט יעדעס יאָר אײַנצאָלן דער פּערסישער רעגירונג אַ געוויסן צינז. אָבער אין זײער אינערלעך לעבן האָט זיך די פּערסישע רעגירונג אינגאַנצן ניט געמישט.

מוחל זײַן—to forgo. אַרײַנקלײַבן זיך—to move. כוהן-גדול—High priest. באַמטער—officer. אויסטײַטשן—to interpret. באַשטימט—appointed. צוצופּאַסן—to adapt. אינערלעך—inner. זעלבשטענדיק—independent. זיך מישן—to interfere.

## פ ר אַ ג ע ס:

וואָס האָט כ ו ר ש דערלויבט די ייִדן, נאָכדעם ווי ער האָט אײַנגענומען ב ב ל?

ווער האָט געשטערט די ייִדן אָפּצובויען דעם טעמפּל?

ווי איז געווען די לאַגע פון די צוריקגעקערטע ייִדן?

ווער איז געווען ע ז ר א? צוליב וואָס איז ער געקומען אין י ר ו ש ל י ם? וואָס פאַר אַ בוך האָט ער געבראַכט מיט זיך.

צוליב וואָס איז נ ח מ י ה געקומען קיין י ר ו ש ל י ם?

וואָס האָט ער דאָרטן אויפגעטאָן?

וואָס פאַר אַן אָפּמאַך האָבן ע ז ר א און נ ח מ י ה געמאַכט מיט די ייִדן?

וואָס פאַר אַן אָרט האָט די ת ו ר ה פאַרנומען אינם לעבן פון די ייִדן?

ווי האָט זיך געפירט דאָס ייִדישע לאַנד אונטער די פּערסן?

# די מעשה פון פורים:

## 1. אסתר און מרדכי.

ווען דער קעניג פון פערסיע איז געווען אַחשורוש (אַכאַשווייִרעש), האָט ער איינמאָל געמאַכט אַ גרויסן מאָל־צייַט פאַר אַלע האַרן פון דעם לאַנד. צו דעם מאָלצייַט האָט ער געהייסן קומען זייַן ווייַב ושתין (וואַשטין), כדי צו באַווייַזן אַלעמען, ווי שיין זי איז. האָט ושתי ניט געוואָלט קומען.

איז דער קעניג געוואָרן אין כּעס און זי געהייסן טייטן.

ווען דער קעניג האָט געוואָלט קריגן אַ נייַע קעניגין, האָט ער באַפוילן, אַז אַלע שיינע מיידלעך פון דעם לאַנד זאָלן זיך צונויפקומען אין דער הויפטשטאָט שושן (שושאַן). צווישן אָט די מיידלעך איז אויך געווען די ייִדי־שע שיינע מיידל אסתר (עסטער), וואָס האָט זיך געהאָ־דעוועט בייַ איר פעטער מרדכין (מאָרדכען). האָט דער קעניג פון די אַלע מיידלעך זיך אויסגעקליבן פאַר אַ קעניגין אסתרן און זי גענומען צו זיך אין פּאַלאַץ.

מרדכי איז געווען אַ ריכטער און איז געזעסן בייַם טויער פון קעניגלעכן הויף. האָט ער איינמאָל געהערט, ווי צוויי דינער פונם קעניג רעדן וועגן דער הרגענען דעם קעניג. האָט דאָס מרדכי דערציילט אסתרן, און אסתר האָט דאָס איבערגעגעבן דעם קעניג. האָט מען אונטערזוכט די זאַך און אויסגעפונען, אַז דאָס איז ריכטיק. האָט מען די צוויי דינער געטייט, און וועגן דער גאַנצער זאַך פאַרשריבן אין די ביכער פונם קעניג.

הויפּטשטאָט—residence, capital.　　שטאַמט—descends.
אונטערזוכט—investigated.

# 2. המן וויל אומברענגען די יידן.

דער קעניג אחשורוש האָט באַשטימט פאַר זיין הויפּטמיניסטער איינעם המנען (האָמאָנען). און המן האָט זייער שטאַרק פיינט געהאַט מרדכין און אַלע יידן.

האָט המן איינמאָל אָנגערעדט פאַרן קעניג שלעכטס אויף די יידן. ער האָט אים געזאָגט, אַז זיי פאָלגן ניט אויס די געזעצן פון לאַנד. און ער האָט געבעטן דעם קעניג, ער זאָל אים דערלויבן אויסהרגענען אַלע יידן אין זיין מלוכה. האָט דער נאַרישער קעניג דאָס דערלויבט המנען. ער האָט איבערגעגעבן המנען זיין קעניג־לעכן רינג און געזאָגט: „דו קאָנסט טאָן מיט די יידן, ווי דו פאַרשטייסט."

האָט המן אָנגעשריבן בריוו צו אַלע הויכע באַאַמטע פון לאַנד און זיי אָנגעזאָגט, אַז אין דעם דרייצנטן טאָג פון חודש אָדר זאָלן זיי אומעטום אָנפאַלן אויף די יידן און אויסהרגענען זיי אַלעמען — אַלט און יונג, מענער, פרויען און קינדער; און זייער האָב און גוטס זאָלן זיי צע־רויבן.

האָבן די יידן אין פּערסיע זיך דערוואוסט פון דעם באַ־פעל און זיינען אַרומגעגאַנגען טרויעריקע און צעטומלטע.

האָט מרדכי געשיקט זאָגן אסתרן: „איצט איז די צייט, דו זאָלסט גיין צום קעניג און בעטן ביי אים פאַר דיין פאָלק, ווייל מיר זיינען פאַראורטיילט צו פאַר־ניכטונג".

האָט אסתר אָנגעטאָן אירע שענסטע קליידער און איז אַוועק צום קעניג.

ווען דער קעניג האָט זי דערזען, האָט ער זיך דערפרייט און געזאָגט: „וואָס ווילסטו, קעניגין אסתר? ביז אַ האַלבער מלוכה וועל איך דיר געבן".

באַשטימט—appointed. צעטומלטע—upset. מלוכה—kingdom. האָב—wealth, possessions.

## 3. אסתר לאַדט דעם קעניג צו אַ מאָלצייט.

האָט אסתר געזאָגט: „איך האָב געוואָלט בעטן דעם קעניג, ער זאָל קומען צוזאַמען מיט המנען צו אַ מאָלצייַט, וואָס איך האָב פאַר זיי צוגעגרייט".

איז דאָס דעם קעניג געפעלן געוואָרן און ער האָט געשיקט נאָך המנען.

און אויפן מאָלצייַט האָט דער קעניג ווידער געפרעגט אסתרן: „וואָס פאַרלאַנגסטו איצט, קעניגין?"

האָט אסתר געענטפערט: „איך וואָלט דיך, קעניג, און המנען געוואָלט אייַנלאַדן אויך אויף מאָרגן צו אַ מאָלצייַט, וואָס איך וועל פאַר אייַך אייַנאָרדענען".

ווען המן איז אַרויס פון קעניגלעכן פּאַלאַץ, האָט ער בייַם טויער דערזען מרדכין, און יענער האָט זיך פאַר אים ניט געבייגט. איז המן אַ כעסדיקער אַוועק אַהיים. ער האָט דאָרטן דערציילט זייַנע פרייַנט, אַז דער קעניג האָט אים גרויס געמאַכט, און די קעניגין האָט אייַנגעלאַדן צו זיך צום מאָלצייַט אויסער דעם קעניג בלויז אים.

אָבער ווען ער דערזעט בייַם טויער פון קעניגלעכן הויף דעם יידן מרדכין, גייט אים קיין זאַך ניט אייַן.

האָבן המנס פרײַנט אים געזאָגט: „מאַך אַ הויכע קלאָץ און בעט דעם קעניג, ער זאָל דיר דערלויבן אויפ־הענגען אויף איר מרדכין, וועסטו זיך גלײַך באַפרײַען פון דײַן שונא. האָט המן אַזוי געטאָן.

פאַרלאַנגען—to wish, to desire. אײַנלאַדן—to invite. קלאָץ—gallows. גייט אים קיין זאַך ניט אײַן—he cannot enjoy anything.

# 4. המן פירט מרדכין אויף אַ פערד.

יענע נאַכט האָט זיך דעם קעניג ניט געשלאָפן. האָט ער געהייסן ברענגען די געשיכטע־ביכער און פאָרלייענען פאַר אים. האָט ער געהערט ווי מ׳האָט געלייענט, ווי מרדכי האָט געראַטעוועט זײַן לעבן.

פרעגט דער קעניג: „מיט וואָס האָט מען דערפאַר באַלוינט מרדכין?"

האָבן זײַנע דינער אים געזאָגט: „מ׳האָט מרדכין דערפאַר מיט קיין זאַך ניט באַלוינט."

האָט דער קעניג געפרעגט, צי ווער עס איז איצט אין הויף.

האָט מען אים געזאָגט, אַז המן איז אין הויף (דאָס איז ער געקומען בעטן דעם קעניג, ער זאָל אים דערלויבן אויפהענגען מרדכין).

האָט דער קעניג געהייסן אַרײַנרופן המנען.

פרעגט דער קעניג המנען: „וואָס וואָלסטו געראָטן צו טאָן אַ מענטשן, וואָס דער קעניג וויל אים שטאַרק באַ־לוינען?"

האָט המן געטראַכט, אַז דער קעניג מיינט דאָס אים. זאָגט ער: „אַזאַ מענטשן וואָלט מען געדאַרפט אָנטאָן אין אַ קעניגלעך קלייד, אַרויפזעצן אויף אַ קעניגלעך פערד

און פירן איבער די גאַסן פון שטאָט און אויסרופן: „אַזוי טוט מען אַ מענטשן, וואָס דער קעניג וויל אים שטאַרק באַלוינען".

האָט דער קעניג געזאָגט: „גיי נעם דעם ייִדן מ ר ד כ י ן און טו אים אַזוי, ווי דו האָסט אָט ערשט געראָטן. זאָל ניט פעלן אַ האָר".

האָט ה מ ן אַזוי געטאָן. און ער האָט געפירט מ ר ד כ י ן איבער דער גאַנצער שטאָט.

אַ טרויעריקער איז ה מ ן געקומען אַהיים, אָבער באַלד איז מען געקומען און אים געזאָגט, אַז עס איז צייט צו גיין מיטן קעניג צו דער קעניגין צום מאָלצייט.

אויפן מאָלצייט האָט דער קעניג ווידער געפרעגט א ס ת ר ן, וואָס זי פאַרלאַנגט. האָט א ס ת ר געענטפערט: „איך וויל בעטן ביים קעניג פאַר מיין פאָלק און פאַר זיך. ווייל מ'האָט אַרויסגעשיקט אַ באַפעל אונדז אויסצוהרגענען".

— און ווער האָט אַזאַ זאַך געטאָן? — האָט דער קעניג אין כ ע ס געפרעגט.

— אָט דער ר ש ע, ה מ ן! — האָט א ס ת ר אויסגערופן.

דער קעניג איז נאָך בייזער געוואָרן.

דעמאָלט האָט איינער פון די דינער געזאָגט צום קעניג: „און ה מ ן האָט נאָך געמאַכט אַ קלאָץ, אויף וועלכער ער האָט געוואָלט אויפהענגען מ ר ד כ י ן, וואָס האָט געראַטעוועט דעם קעניגס לעבן".

האָט דער קעניג באַפוילן: „זאָל מען אויפהענגען ה מ נ ע ן אויף דער זעלבער קלאָץ!"

האָט מען גלייך צוגענומען ה מ נ ע ן און אים אויפגעהאַנגען.

פאַראורטיילט—doomed. פאַרניכטונג—annihilation.

# די יידן גערֲאַטעוועט, דער יום־טוב פּורים.

דעמאָלט האָט א ס ת ר דערציילט דעם קעניג, אַז מ ר ד כ י איז אירער אַ פעטער.

האָט דער קעניג גערופן מ ר ד כ י ן און אים געמאַכט פאַר דעם ערשטן מיניסטער אַנשטאָט ה מ נ ע ן.

אַז מ ר ד כ י איז געוואָרן דער ערשטער מיניסטער, האָט ער אָנגעשריבן בריוו צו אַלע העכערע באַאַמטע פון לאַנד און זיי געהייסן, זיי זאָלן ניט שטערן די ייִדן צו פאַרטיידיקן זיך, אויב מ׳וועט אויף זיי אָנפאַלן.

אַז עס איז געקומען דער דרייצנטער טאָג אין אָ ד ר, האָבן די ייִדן אומעטום געשטעלט זיך אַנטקעגן זייערע פיינט.

יענעם טאָג האָבן די ייִדן צעשלאָגן זייערע פיינט און האָבן אויפגעהאַנגען ה מ נ ס צען זין, וואָס זיינען געווען פונקט אַזוי שלעכט, ווי זייער פאָטער. און אויף מאָרגן האָבן די ייִדן געמאַכט אַ י ו ם ־ ט ו ב ל כ ב ו ד זייער זיג. דאָס איז דער י ו ם ־ ט ו ב פ ו ר י ם.

און מ ר ד כ י און א ס ת ר האָבן צעשיקט בריוו אין אַלע ייִדישע געמיינדעס און זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן יעדעס יאָר פייערן דעם זעלבן י ו ם ־ ט ו ב פ ו ר י ם דעם 14־טן טאָג אין אָדר. און זיי זאָלן שיקן מ ת נ ו ת — ש ל ח מ נ ו ת (שלאַכמאָנעס) — צו אָרימע לייט און איינע צו די אַנדערע.

פון דעמאָלט אָן און ביז היינטיקן טאָג פייערן ייִדי דעם י ו ם ־ ט ו ב פ ו ר י ם.

איינשטעלן זיך—to protect. לכבוד—in memdry of.
פאַרטיידיקן—to defend. שלח־מנות—purim gifts. געמיינדעס—communities.

# פראַגעס:

צו וואָס האָט אחשורוש געהייסן ברענגען ושתין?
ווי האָט זיך אחשורוש אויסגעקליבן אַ ווייַב אַנשטאָט ושתין?
וואָס האָט מרדכי געטאָן אין קעניגלעכן הויף?
וואָס האָט ער אויסגעפונען?
פאַרוואָס האָט המן געוואָלט אויסהרגענען אַלע ייִדן?
וואָס האָט ער געטאָן דערצו?
וואָס האָט אסתר געבעטן בייַם קעניג?
וואָס האָט געפירט צו המנס מפּלה?
ווי האָט מרדכי אָפּגעשאַפט המנס באַפעל?
וואָס איז פורים? ווי פראַוועט מען פורים בייַ ייִדן?

# דאַטעס צו געדענקען:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| די בני־ישראל אַרויס פון מצרים — — — | אַרום | 1500 | פאַר | קריסט. |
| יהושוע פירט אַרייַן די בני־ישראל אין כנען — | ״ | 1450 | ״ | ״ |
| שאול ווערט קעניג — — — — — — — — — — | ״ | 1065 | ״ | ״ |
| דוד ווערט קעניג — — — — — — — — — — — | ״ | 1055 | ״ | ״ |
| די צעשפּאַלטונג פון דער מלוכה און ירבעם ווערט קעניג — — — — — — — — | | 977 | ״ | ״ |
| אַחאָב ווערט קעניג — — — — — — — — — — | | 922 | ״ | ״ |
| יהואָש אויפשטאַנד — — — — — — — — — — | | 887 | ״ | ״ |
| עמוס — — — — — — — — — — — — — | | 800 | ״ | ״ |
| ישראל פאַלט — — — — — — — — — — — | | 721 | ״ | ״ |
| ירושלים באַפרייַט פון אשור (חזקיהו, ישעיה) | | 701 | ״ | ״ |
| מ׳געפינט דאָס בוך פון דער תורה — — — — | | 620 | ״ | ״ |
| צדקיהו ווערט קעניג (ירמיהו) — — — — — — | | 597 | ״ | ״ |
| בית־המקדש חרוב; ייִדן פאַרטריבן אין בבל | | 586 | ״ | ״ |
| ייִדן קערן זיך אום קיין ירושלים — — — — — | | 538 | ״ | ״ |
| מ׳פאַרענדיקט בויען דעם צווייטן טעמפּל – | | 516 | ״ | ״ |
| עזרא ברענגט די ייִדן די תורה — — — — — — | | 458 | ״ | ״ |